№ 5.

## יונג - ביבליאטעק.

דוד קאסעל.

# משה'לעס קינדעריאָרן

ערשטער טייל.



צענטראלע יידישע ביבליאטעק
אין פרעסע־אגענטור
- פאַרלאַג
:: :: וואַרשע, 1921. :: ::

## ערשטער קאַפּיטל.

גוט איז זומער נישט גיין אין חדר צוליב רבי־געלד, באַקן זיך אויף דער זון, ליגן שעה׳נווייז אין טייך, אַרומטרייבן זיך מיט יינגלעך, עסן האַרטע גרינע עפּל, וואַרפן שטיינער אין פרעמדן פענסטער, אַרויפכאַפּן זיך אויף אַ פור בשעת דער פורמאַן זעט נישט, שפּילן זיך מיט אַ הינטל, האָדעווען טויבן, צעשלאָגן זיך מיט אַ חבר, נאָכקרימען אַ קאַליקע און וואָס ווייניקער שלאָפן.

גוט איז אויך צו ליגן זומער מיט׳ן פּנים אַרויף אויף אַ ברייט פעלד מיט זאַנגען, אין שכנותי מיט די שטילע בלאָע קאָרנבלימלעך און זיך אָן מחשבות צוהאָרכן צ׳ים ווייטן סקריפּ פון אַ וואָגן, צום טרוקענעם און פרייליכן טשוויטשערן פון פייגל, צום באַסיקן זשומען פון בינען, צו דער לאַכעדיקער זאַיזערוקע פון פראָשן־קולות, צום פאַרטראַכטן אָפּגעהאַקטן האַווקען פון אַ ווייטן דאָרף־הונט און צו די טויזנטער־טויזנטער קלאַנגען אין גראָז און אין די קאָרן און אויפ׳ן שטויביקן וועג און אויפ׳ן בלאָען הימל אפילו.

נאָר גוט איז אויך אויבצושטיין גאָר פרי, אויפרייסן,

ווי משה'לע, ברייט די אויגן און מיט אַ פֿאַרצאַפּלט הערצל אַרויסקוקן דורכ'ן קליינעם פֿענסטערל אויף גאָטס ליכטיקער וועלט. מען דאַרף זיך נישט אָנטאָן, מען באַדאַרף זיך נישט וואַשן — מען דאַרף נאָר קוקן.

עס מאַכט נישט אויס, וואָס דער הויף איז גרויס און אָרים און וויסט, אָןביימער און אָן גראָז. עס איז גענוג דאָס הילצערנע הייזל מיט'ן מאָך־באַוואַקסענעם דאַך, וואָס שטייט אַנטקעגן משה'לעס פֿענסטערל, און דער לאַנגער גראָער פֿאַרקאַן, וואָס ציט זיך דערביי, און די שטיקלעך גלאָז, וואָס לייכטן־אַרויס ווי ווייסע פּייערלעך פֿון דער ערד, און דאָס פֿייגעלע, וואָס פֿליט פֿריילעך אַדורך מיט אַ טרוקענעם שטרוי אין שנאָבל, און דער בלאָער הימל, וואָס הענגט אין דער הייך ווי אַ פֿונאַנדערגעעפֿנטער בלאָ־זיידענער שירעם, און די זון, וואָס פֿלייצט מיט בלענדענדיקען ליכט. דער גאַנצער הויף טובל'ט זיך אין וואַרימען גאָלדענעם ליכט, און מער ווי דאָס באַדאַרף מען נישט. וואָרום אַז עס איז דאָ זון אויפ'ן הימל, איז נישטאָ קיין נויט אויף דער וועלט, איז אַלץ גוט.

משה'לע וואָלט לאַנג געקוקט דורכ'ן פֿענסטערל, אַלע טאָג מיט דערזעלבער נייגיריגקייט און דורשט, ווען נישט די מאַמע, וואָס שלעפּט אים פֿאַר'ן הענטל — ער זאָל זיך אָנטאָן, וואַשן און דאַוונען, און ווען נישט שיינדעלע, וואָס שמייכלט פֿון ווייטן אין גאָלד פֿון דער זון.

שיינדעלע איז שוין לאַנג אויפ'ן הויף. זי שטייט־אויף זייער פֿרי. דאַוונען דאַרף זי נישט. אַמאָל גייט זי פֿאַרביי דאָס פֿענסטערל, זוכט כּלומר'שט עפּעס אויף דער ערד און פֿאַרשווינדט באַלד הינטער דער שטוב. אַמאָל הערט זיך ווי זי זינגט ערגעץ פֿון אַ ווינקל הויף. דאָס שטימעלע איז יונג, דין און וואונדערלעך זיס. נאָר משה'לע מוז דאַוונען. דאַוונען מוז ער, נישט נאָר צוליב דעם וואָס די מאַמע הייסט, אָבער אויך צוליב דעם וואָס ער אַליין וויל עס.

משה'לע איז פֿון נאַטור זייער אַ פֿרום ייִנגל און האָט זיך זיין פֿאָרשטעלונג וועגן גאָט. אויפ'ן הימל זענען דאָ גאָלדענע פּאַלאַצן און גאָט זיצט אין דעם שענסטן פֿון זיי. ווי שיין

דאַרף עס זיין, ווען אַזאַ קליין צען־יעריג יינגעלע שטייט אויף דער ערד און דאַוונט פאַר גאָט, וואָס זיצט אויפ׳ן הימל אין אַ גאָלדענעם פּאַלאַץ? קוקט גאָט אַראָפּ פונ׳ם גאָלדענעם פּאַ־לאַץ צו דעם יינגעלע אויף דער ערד און שמייכלט, ווי אַ גו־טער פאָטער, וואָס איז שטאַרק צופרידן מיט זיין קינד. נאָר זומער טוט משה׳לע עבירות און די ערשטע און גרעסטע פון זיי איז די, וואָס ער דאַוונט שלעכט און איילנדיק. גאָט זיצט טאַקי אין גאָלדענעם פּאַלאַץ און קוקט אַראָפּ, אָבער ביי משה׳לען לויפן אין דאַוונען די געדאַנקען און עס ווילט זיך זען שייגדעלען און זיין אין דרויסן. פאַראַן נאָר איין סגולה דערצו: שטעלן זיך אין אַ ווינקל, אויפהייבן די אויגן צום הימל און אָפּזאָגן מיט האַרץ און מיט אַ ריינעם קאָפּ, אָן זייטיקע געדאַנקען, אַ קורצע תּפילה, מיט יידישע ווערטער, וואָס ער האָט איינמאָל, אין אַזאַ מינוט, פאַרפאַסט.

און די תּפילה איז אַזאַ:

„רבונו־של־עולם! זיי מיר מוחל. איך האָב דיך ליב ווי מיין טאַטען און מאַמען און נאָך ליבער, און איך האָב פאַר דיר מורא. היינט דאַוון איך נישט גוט, דערפאַר וועל איך היינטיקן טאָג קיין שום עבירה נישט טאָן. גאָטעניו, איך האָב דיך ליב, ווי דער ווילנער גאון האָט דיך ליב געהאַט״.

טיף אין האַרצן פילט משה׳לע, אַז אָט די קורצע תּפילה, וואָס איז אַ סוד און קיינער ווייס ביי אים נישט פון איר, האָט אפשר מער וואָג ווי דאָס גאַנצע לאַנגע דאַוונען. טיילמאָל דאַכט זיך אים, אַז גאָט הערט זיך־צו צו יעדעס וואָרט זיינס און איז אים מוחל. דעמאָלט דערפילט ער צו גאָט נאָך אַ גרעסערע ליבע און אויפ׳ן האַרצן ווערט וואונדערלעך לייכט. די דאָזיקע לייכטקייט איז אויך אַ פיזישע: פונקט ווי אַ שווערע לאַסט וואָלט אים אַראָפּגעפאַלן פון קאַרק.

איצט איז ער אינגאַנצן פריי. אָפּגעטרונקען טיי, לאָזט זיך משה׳לע אַרויס אויפ׳ן הויף, און דאָ באַגעגענען זיך צוויי קינ־דער — אַ יינגעלע מיט אַ מיידעלע. דאָס יינגעלע האָט פאַרטראַכטע גראָע אויגן, אַ דין העלדזל און דינע הענטלעך. זיינע באַוועגונגען

זעגן צוריקגעהאַלטענע און אָנגעשטרענגטע, ווי ביי אַ מענטשן, וואָס טראַכט אַסך. דערפאַר איז דאָס מיידעלע דורכאויס שמייכל, אויגן־גלאַנץ און באַוועגונג. די אויגן אירע זענען אויך גראָע, אָבער שטראַלנדיקע, שמייכלענדיקע און האַרציקע, און ברעמען האָט זי ווי האַלבע רייפלעך, און דינע פרישע ליפלעך, פונקט ווי אויסגעשוירענע פון עפעס אַ רויטען שטאָף און פון קליינעם יונגן שטערן לויפן אַהינטער טונקעלע כוואַליעס האָר און ענדיקן זיך אין צוויי צעפלעך אויפ'ן רוקן.

שיינדעלע באַגעגנט אים פראָסט און האַרציק.

— אַ! —שרייט זי אויס—אַזוי שפעט אויפגעשטאַנען.

אָבער משה'לע בייגט־איין דעם קאָפּ און זאָגט שטיל אַרויס:

— נעכטן אין אָוונט איבערגעלייענט אַ נייַ ביכעלע: „דער שרעקלעכער מערדער ריכאַרד"...

— מיט אַ וואַלד?

— מיט אַ וואַלד.

— און מיט גזלנים?

— און מיט גזלנים.

— וועסט מיר עס אויך איבערלייענען?

— נו, אַוודאי.

— ווען?

— היינט אין אָוונט.

פאַמעלעך, אומבאַמערקט גייעןביידע אַרויס פון הויף אין גאַס אַריין.

זיי ריידן נישט, נאָר דאָס שווייגן גיט זיי דאָס אייגענע, וואָס אַנדערע דאָס ריידן. זיי פאַרשטייען זיך מאָדנע גוט צווישן איינאַנדער און לייכט איז זיי אויף דער נשמה. צווישן זיך שפילן זיי זיך זעלטן און שולדיק דערין איז אייגנטלעך משה'לע. שיינ־דעלע וואָלט זייער געוואָלט שפילן, טאַנצן, זינגען, אויפפירן זיך אַזוי, ווי אַלע צעניעריגע מיידעלעך פירן זיך אויף. נאָר משה'לע האָט ליב ערנסט, חלומות, מעשה־ביכלעך און שווייגן. און שיינ־דעלע איז נישט־ווילענדיק אונטערגעוואָרפן זיין ווילן. שיינדעלע מיינט, אַז משה'לע איז זייער אַ קלוגער און זייער אַ געראָטענער

און זי דאַרף אים פאָלגן און הערן. משה׳לעס ערנסטקייט איז אָבער נישט די ערנסטקייט פון אַ גריבלער אָדער פון אַ שווערן כאַראַקטער, נאָר פון פריהיגן אומעט, פון פילן די פאַרב פון די הימלען, פון ציטערן פאַר די בלאַסע קאַלטע לבנה־שטראַלן, וואָס ווירקן אויף אים אומפאַרשטענדלעך, פון בלוט־אָרימקייט און פון סתם בענקשאַפט. דאָס האַרץ בענקט ביז טרערן און טייל מאָל, אַז קיינער זעט נישט, וויינט ער טאַקי אָן אַ שום סיבה.

—משה׳לע,—פרעגט פלוצלינג שיינדעלע—אָט דער ריכאַרד, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט, איז טאַקי זייער אַ שרעקלעכער מערדער? . . .

משה׳לע קוקט צו אַ שפּיץ פון אַ וויטן בוים, וואָס זעט זיך אַרויס הינטער אַ דאַך פון אַ הייזל. דער בלאָער הימל רוט אויפ׳ן שפּיץ בוים און משה׳לען דאַכט זיך, אַז דאָרט לאָזט זיך אַראָפּ דער הימל. כאָטש ער ווייס, אַז דאָס איז נישט אַזוי, אַז ער האָט זיך שוין פיל מאָל גענאַרט דערמיט, פונדעסטוועגן האָט ער אומגעהויער ליב צו זיין גענאַרט און גאָר גערן נעמט ער עס אָן פאַר אַן אמת. אויב דאָרט לאָזט זיך ווירקלעך אַראָפּ דער הימל, מוז דאָרט זיין אומגעווייגלעך גוט און שיין.

נאָר שיינדעלעס פראַגע צעשלאָגט אים די רעיונות.

—ווער, ריכאַרד?—רייסט ער אָפּ די אויגן פונ׳ם הימל מיט׳ן שפּיץ בוים—ריכאַרד איז דווקא געווען אַ גוטער מענטש . . . וועסט הערן . . .

משה׳לע וויל איר שוין אויפ׳ן אָרט דערציילן, ווער ריכאַרד איז געווען, נאָר צו וואָס ריידן, אַז ער וועט עס איר לייענען אין אָוונט, אַז דער הימל לאָזט זיך דאָרט וויט אַראָפּ אויפ׳ן שפּיץ בוים, אַז שיינדעלעס האָר זעגען פאַרגאָסן מיט זון, אַז אין גרינעם הויז, דאָרט ביים רייכן טאָטער, שפּילט מען אויף אַ פידל און אַז עס וועט נאָך אַזוי לאַנג זיין זומער און זומער. פון חדר איז ער פריי, און גאָט איז אַ גוטער, און טאָן דאַרף מען, דאַכט זיך, גאָרנישט, און אַ ביכעלע איז שטענדיק פאַראַן אונטער׳ן האַנט און שיינדעלע וואוינט אַ טיר נעבן אַ טיר.

— שיינדעלע, — פרעגט ער פּלוצלינג — וואָס האָסטו ליב: טאָג צי נאַכט?

שיינדעלע ענטפערט האַסטיק, מיט אַמאָל, נישט געטראַכט:

— טאָג.

— און איך: נאַכט... — זאָגט ער נישט־פעסט אַרויס און ווישט־איבער דעם שטערן מיט'ן דינעם הענטל, ווי אַ דערוואַקסענער מענטש.

## צווייטער קאַפּיטל.

אויפ׳ן טונקל-בלאָען הימל גליטשן זיך אַרויס דריי שטע-רנדלעך, פּונקט ווי דריי גאָלדענע פליגעלעך, וואָס שפּילן זיך איבער אַ גרויסן רוהיקן ים, און די קליינע פענסטערלעך ביי שיינדעלען אין שטוב זויגן די קילע אָוונט-לופט, ווי אַ מענטש מיט קראַנקע לונגען. אויפ׳ן הויף דרייען זיך אַרום יידן און ווייבער און קינדער, פּונקט ווי ביי זיך אין שטוב, האַלב-נאַקעטע, מידע און פאַרשמועסטע. מאַנכע שטייען אין קופּקעלעך, מאַנכע רוקן זיך אַרום ווי שאָטנס און אַנדערע זיצן אויף דער ערד מיט אָפענע הערצער, מיט אַרויפגערוקטע היטלען, אָנגעשפּאַרט צו אַ וואַנט, פּונקט ווי וואַנדערער ערגעץ אין אַ וואַלד נאָך אַ לאַנגער און שווערער נסיעה. דאָס זענען אַלץ שכנים,—מענטשן, וואָס וואוינען אין די קליינע דירה׳לעך פון דעם גרויסן הויז מיט די פאַרוויינטע פענסטערלעך. דער גרעסטער טייל פון זיי וועט שלאָפן אויפ׳ן הויף, אונטער׳ן פרייען הימל, און דאָס גיט-צו דעם הויף עפּעס אַ היימלעך און אומגעוויינלעך אויסזען. נישטאָ קיין באַזונדערע געזינדן, קיין צעשיידטע משפחות. דער הויף, דער

גרויסער זומערדיקער הויף האָט זיי אַלעמען פֿאַראייניקט, און עס דאַכט זיך אַז אַלע געהערן צו איין משפּחה, וואָס וואוינט ווי אַ גרויסער לאַגער אונטער דעם פֿרייען הימל מיט די דריי שטערנדלעך - פֿליגעלעך.

שיינדעלעס מאַמע איז אַ ברויט-בעקערין, און ביי זיי ווערט מען נישט נתפּעל פֿון היץ, פֿון אַ הייסן טאָג. זיי האַלטן נאָר אָפֿן די פֿענסטער און גייען זיך נישט אָפּקילן אין דרויסן. שיינדעלעס מאַמע, פֿאַיע, וואָס אַזוי הייסט אויך משה׳לעס מאַמע, איז אַן אויסגעטריקנטע ייִדענע מיט יונגע אויגן, אַ מת מיט אַ לעבעדיקן וואַרימען שמייכל, און זיצן נעבן איר, אָדער עסן דאָס וואָס זי דערלאַנגט, אָדער באַקומען פֿון איר אַ גלעט, אָדער זיין דערוואַרעמט פֿון איר שמייכל, איז זייער אָנגענעם. זי האָט אויך ליב מעשה-ביכלעך, תּחינות, יציאת מצרים, חנה׳ן מיט די זיבן קינדער און ... ה׳לעך. פֿאַר משה׳לען גרייט זי שטענדיק אָן אַ גוטע זאַך צום עסן, גיט אים אָפּ דאָס שענסטע אָרט ביים טיש און קענטלט זיך אַרום אים, ווי אַ גוטע און האַרציקע מאַמע. אַמאָל פֿאַרגעסט זי זיך און לוּבעט אים אין די אויגן:

—נישטאָ אַזאַ וואויל קינד...

דעמאָלט ווערט משה׳לען אי פֿריילעך, אי אומעטיק און ער לאָזט-אַראָפּ די אויגן. ער שפּירט אויך, אַז ער איז אַ וואוילער. נאָר אין אַן אַנדער אָרט האָט ער באַדאַרפֿט זיין, צווישן אַנדערע מענטשן זיך האָדעווען און וואַקסן און לעבן.

משה׳לע איז שוין לאַנג געקומען און האַלט אַ גראָ ביכעלע אין האַנט. דאָס ביכעלע איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי דער שרעקלעכער מערדער ריכאַרד, אָבער משה׳לע קאָן נישט אָנהויבן לייענען, ווייל די אַלטע פֿאַיע איז פֿאַרנומען. זי וויל אויך הערן. אָן איר טאָר מען נישט לייענען. פֿון קיך קומט אַריין שיינדעלעס ברודער דער משוגע׳נער, וואָס שלאָפֿט הינטער׳ן אויוון, עסט פֿון אַ טאָפּ, קלאַפּט זיך אַ גאַנצע נאַכט מיט אַ פֿינגער אין שטערן אַריין און האָט נאָר דריי ווערטער: איז אַז איז. קיינער ווייס נישט דעם טייטש פֿון דעם און וואָס מיינט ער דערמיט. פֿון שטערן ביז׳ן מויל איז ער געראָטן אין שיינדעלען:

ער האָט אויך גראָע גוטע אויגן, ווי שיינדעלע און איר פאַמיליע, אָבער ווייטער גייען שוין שטריכן פון אַ משוג'ענעם: דאָס מויל צעקרימט, דער האַלדז לאַנג און אויסגעבויגן, די האָר פון באָרד ערטערווייז אויסגעריסן. נאָר שמייכלען האָט ער ליב, און אַז ער רוקט זיך־צו לאַנגזאַם און מיט זייער שטילע טריט צום טיש, שמייכלט ער צו משה'לען קעלביש און וואַסערדיק און ברומט שטיל אַרויס:

—איז אַז איז... איז אַז איז...

משה'לע באַצאָלט אים אויך מיט אַ שמייכל און פילט בעת־מעשה, אַז נאָר דאָ אין שטוב איז אים גוט, דאָ נעבן שיינדעלען און נעבן דעם משוגע'נעם ברודער, נעבן דער אַלטער אויסגע־טריקנטער פאַיען, אין די קליינע צימערלעך ווי קעסטעלעך, און אין דעם מחיה'דיקן ריח פון פרישן ברויט. און נישט איין מאָל אין אַזאַ מינוט טראַכט זיך אין אים אַזוי לייכט און שטיל, פונקט ווי ער וואָלט געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן, וועגן דער מאַכט פון עלטערן און פאַרוואָס זאָל אַ קינד נישט קאָנען איבערגיין פון די אייגענע עלטערן צו אַנדערע? פאַרוואָס זאָל ער נישט טאָרן זיין שיינדעלעס אַ ברודער און פאַיעס אַ זון? פאַרוואָס קען מען אַלץ אין דער וועלט איבערטראָגן, איבעראַנדערשן, איבערשטעלן, איבערמאַכן, און דאָס נישט? און אים דאַכט זיך, אַז גוטסקייט, שטילקייט און שלום־בית זענען פאַראַן נאָר דאָ אין שטוב און קוקן דאָ אַרויס פון אַלע ווינקעלעך.

דאָס לייענען הייבט זיך אָן, ווען פאַיע ענדיקט איר אַרבייט און זעצט זיך אַוועק ביים טיש ווי אַ הויפן מענש, אַן איינגעשרום־פענע, אַן אויסגעטריקנטע, אַ בינטל שאַרפע ביינער, מיט יונגע אויגן, מיט אַ טיכל אויפ'ן קאָפּ און די עקן פאַרבונדן אונטער'ן האַלדז. זי זיצט און הערט מיט דעמזועלבן אויסדרוק פון אויג, ווי ביי שיינדעלען, נאָר שיינדעלע איז יונג, פריש, מילך און בלוט, און די ליפּלעך אירע זענען אַזוי ווי אויסגעשווירענע פון עפּעס אַ רויטן שטאָף. משה'לע לייענט פון דעם שרעקלעכן מער־דער ריכאַרד, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער ווילדע וועלדער און פוסטע פעלדער מיט אַ באַנדע גזלנים. דער דאָזיקער מערדער

איז געווען שרעקלעך דרייסט, מוטיק און בייז, דאָך האָט ער געהאַט אַ האַרץ אַ גוטס, און אָרימעלייט פלעגט ער שאַנעווען. די שפראַך פון ביכל איז א שלעכטע, אַ פאַרקריפּלטע, נאָר מען באַדאַרף האָרכן ווי אַזוי משה'לע לייענט. די אומגעלומפּערטע ווערטער און זאַצן באַקומען אין זיין לייענען בלוט און לעבן, און ביי דער שטילקייט פון די צוהערער דאַכט זיך, אַז דאָ, ערגעץ דערביי, אָטעמט ריכאַרד מיט זיינע שרעקלעכע גזלנים און זיי קוקן־אַרויס מיט פייערדיקע אויגן. און משה'לעס קול גיסט זיך און גיסט זיך אין דער שטילקייט, ווי אַ קלאָרער וואַסערל. דאָ איז דער קול ווייך און האַרציק ווי אַ תפילה, דאָ צעוואַקסט ער זיך ווי אַ געוויטער, און דאָ פליסט ער גלייך און איינטאָניק ווי מוסר. אַמאָל שעפּטשעט ער און בעט זיך ווי אַ קינד, קוים צום הערן. ביי דער אַלטער הייזן זיך טרערן אויף די אויגן און ביי שיינדע־לען ציטערן די אויסגעשווירענע ליפּעלעך.

משה'לע פילט, אַז דאָס לייענען—איז זיין האַרץ. זיין האַרץ איז דאָס שולדיק. זיין האַרץ בעט זיך, זיין האַרץ געוויטערט, זיין האַרץ פּאַלט־איין און שעפּטשעט. דאָס האַרץ זיינס רעגירט מיט'ן קול. און בשעת ער ענדיקט, איז נאָך לאַנג שטיל—און ביי די צוהערער קוקען שטייף אַרויס די אויגן פון אָנשטרענגונג, פונקט ווי זיי וואָלט נישט געלייענט געוואָרן, נאָר זיי האָבן אַליין ערשט איבערגעלעבט אַ גרויס געשעעניש. איינמאָל, בשעת שיינדעלעס טאַטע, אַ פרומער ייד, איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען און זיך צוגעהערט צופעליג צו משה'לעס לייענען, איז ער ביז'ן סאַמע סוף געבליבן שטיין אומבאַוועגט, מיט'ן קאָפּ אויף אַ זייט און מיט די אויגן פאַרקוקט אין איין פינטל, און אַז משה'לע האָט געענדיקט, האָט ער אַ צי געטאָן מיט די ליפּן, אַ דריי געגעבן מיט'ן קאָפּ און אַרויסגעזאָגט:

—אַ לייענען אַביסל... נשתומם צו ווערן...

און איז אַוועקגעגאַנגען, שאָקלענדיק אַלץ מיט'ן קאָפּ.

נאָכ'ן לייענען פילט משה'לע אַלעמאָל קאָפּשמערצן און האַרץ־קלאַפּעניש, און עפּעס נעבעלדיקס שווימט פאַר די אויגן. אָבער שיינדעלע האַלט אים ביי די הענטלעך און קוקט אים אָן מיט

אומרוהיקע פּאַרטיפּטע אויגן. זי קוקט אים אָן און זעט אים אָבער נישט. זען זעט זי ריכאַרד׳ן און דעם וואַלד און באַגזל׳טע מענטשן און נאַכט צווישן וואַלד-ביימער און וואַלד-כּודות. און עס קלאַפּט איר דאָס הערצל און מחשבות שפּרינגען איר איינע איבער די אַנדערע. צי געפינט זיך אפשר אַמאָל נישט, דאַכט זיך איר, דאָס היזעלע, וואו זיי וואוינען איצט, אין אַ געדיכטן וואַלד און צי דרייט זיך דאָ נישט אַרום ריכאַרד מיט זיין באַנדע? צי פּאַלט ער איצט נישט אָן, צי שיסט ער נישט אין אַן איינזאַמען דורכ-פאָרער? וואָרום ריכאַרד, גאָכדעם ווי משה׳לע האָט וועגן אים געלייענט, לעבט געוויס, ער איז דאָ אויף דער וועלט, ווי עס איז דאָ משה׳לע און די מאַמע און דער טאַטע און דער משוגע׳נער ברודער. צי זענען אַמאָל נישט די שכנים, וואָס דרייען זיך אַרום איבער׳ן הויף, גזלנים, מערדער, באַנדיטן, רוצחים פון ריכאַרד׳ס באַנדע?

שיינדעלע דריקט אים שטאַרקער די הענטלעך און טיפער און טונקעלער ווערט איר קוק. און זיין בליק פּאַלט-אַריי׳ן אין אירן, און עפּעס ביט זיך אים איבער פון איר צו אים, און הייס אַרום די שלייפן ווערט אים, און די נעפּלען ווערן גרעסער, און אים דאַכט זיך, אַז פליגלען הייבן אים ביים רוקן זאכט און שטיל, און לאַנגזאַם נידערט דער באַלקן צו דער ערד. נאָר די אַלטע פּאַיע קומט-אָן פון קיך מיט עפּעס אַ מאכל און באַלד קלינגט אַ טעלער, אַ לעפל אויפ׳ן טיש, און דער כּישוף ווערט צערונגען.

צוריק שטוב, ווי געוועזן, דער באַלקן נידערט נישט, פון אַ ריכאַרד איז קיין ־ר נישטאָ. עס איז נאָר דאָ אַ משה׳לע און אַ שיינדעלע, און עס ה־רט זיך פּאַיע׳ס קול:

—אָט איז אַ נחת... פּאַיע וויים דאָך גאָרנישט, וואָס פאַר אַ יינגל זי האָט... אַי לייענסטו, מיין קינד... צו צוקערן יעדעס וואָרט...

קיין שום נייס איז נישטאָ אין אירע רייד. אַלע טאָג דאָסזעלבע. אַלע טאָג שיט פּאַיע מיט אַזוינע ווערטער, אָבער משה׳לען פּאַכן זיי ווייך איבער די באַקן, ווי אַ מחיה׳דיק ווינטעלע.

און אַז פּאַיע גייט שוין אַוועק צו זיך אין פינסטערן און איינגן קעמערל שלאָפן און אַז פון דאָרטן הערט זיך נאָך צוזאַמען מיט אַ סקריפּ פון אַן אַלט בעט, ווי זי רעדט אַזוי ווי פאַר זיך וועגן משה׳לעס מעלות, גייט משה׳לע מיט שיינדעלען אַרויס אויפ׳ן הויף. אַ בלאָער הימל מיט גאָלדענע טאַנצנדיקע קנעפּעלעך באַגעגנט זיי פון אויבן און אויף דער ערד זענען אויסגעלייגט וואַרימע שאָטנס, און פון די שאָטנס בלייכן־אַרויס עלטערע בערדיקע פּנים׳ער מיט צוגעמאַכטע אויגן. אויפ׳ן הויף איז שטיל. מאַנכע פון די שכנים שלאָפן, אַנדערע דרעמלען זיצנדיק. ביידע קינדער זעצן זיך אויף אַ קלאָץ.

—וואו קאָן איצט זיין ריכאַרד? — פרעגט שיינדעלע מיט פאַרטיפטע שאָטנדיקע אויגן.

און אַז משה׳לע ענטפערט נישט, פרעגט זי נאָכאַמאָל:

—משה׳לע, וואו, מייגסטו, קאָן איצט זיין ריכאַרד?

אָבער משה׳לעס געדאַנק דרייט זיך אַרום די גאָלדענע שטערנדלעך, און ער הערט נישט, וואָס זי פרעגט. אין דער ווייס־שוואַרצער לופט פון אַ זומער־נאַכט ווערן אים שאַרפער די געזיכטס־צוגן, און ער זעט־אויס נאָך בלאַסער, ווי אַלעמאָל.

—אָן יענץ שטערנדל מוז זיין זייער ווייט...—רופט ער זיך אָן מיט אַ מיד שטימעלע, אָנווייזנדיק מיט׳ן פינגער אויף אַ ווייטן גאָלדענעם פלעק פון אַ שטערן.

—משה׳לע...—זאָגט שיינדעלע פּלוצלינג אַרויס, צורוקנדיק זיך נענטער צו אים.

—וואָס ?..

—משה׳לע ?..

—וואָס ?

—מיך שרעקט עפּעס...

—נו,—מאַכט משה׳לע נישט זיכער, דערפילנדיק ווי די נאַכט־שטילקייט דערוועקט אין אים גופא אַ מורא - אַ מענטש טאָר זיך נישט שרעקן. גאָט איז אויפ׳ן הימל, גאָט איז אויף דער ערד. אָט דאָ, נעבן אונדז, איז אויך פאַרהאַן גאָט...

נאָר אַזוינע ווערטער ווירקן נישט אויף שיינדעלען. די

שטילקייט פון דער נאַכט איז גרויס, געדיכט און וואַרים, און אומפאַרשטענדלעך בלאָט דער הימל און ביי זעען־אויס די שטערן און אויף דער ערד ליגן בערדיקע יידן, וואָס שאַרכן מיט דער נאָז און וואַרפן באַך זיך אַ שאָטן. שיינדעלען דאַכט זיך, אַז זי לעבט דאָס ערשטע מאָל אין אַזאַ שטילקייט און זעט דאָס ערשטע מאָל אַזאַ נאַכט. דאָס גיט זיך איבער אויך משה׳לען, און ביידע דערנענטערן זיך און ביידנס בעקלעך טרעפן זיך צוזאַמען און ביידנס אָטעם ווערט צוזאַמענגעמישט.

—משה׳לע...

— וואָס ?

—איך האָב מורא...

—דו וואָלסט געקאָנט אויסזיצן אַ נאַכט אויפ׳ן גאַס ?— פרעגט משה׳לע שטאַרק פאַרקלערט.

—ניין,—לאָזט שיינדעלע אַראָפּ דעם קאָפּ און נעמט זיך אַרום מיט די הענטלעך ביי דער ברוסט, פונקט ווי זי וואָלט זיך געהיט פון אַן אָנפאַל.

—און זלמן...—וויל משה׳לע עפעס דערציילן און האַקט זיך אָפּ.

אים ווילט זיך מער נישט רעדן, ער וויל זיך בעסער איינפאַסן אין דער שטילקייט, און ער קוקט אַלץ אין דער שטי־לער בלאָקייט פונ׳ם הימל, אין דעם אומרוהיקן גאָלד און זילבער פון די שטערן און נאָך ערגעץ אַנדערש־וואו, וואָס איז אויסער דעם הימל און אויסער די שטערן, וואו ער זעט מאָדנע פאַנטאַ־סטישע בילדער און געשטאַלטן, וועגן וועלכע ער וועט קיינעם קיינמאָל נישט דערציילן, וואָרום קיינער וועט עס נישט פאַרשטיין און נישט הערן.

זיצן אין דרויסן קאָן מען אייגנטלעך וויפיל מען וויל וואָרום זומער, בשעת מען שלאָפט אויפ׳ן הויף, שפאַרט מען נישט־צו די טיר. אָבער אַז עס ווערט קילער און די שלאָפנ־דיקע יידן ציען אויף זיך אַרויף די אַראָפּגעפאַלענע קאָלדרעס און קערן זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט מיט אַ געדיכטער סאָפעריי, פונקט ווי זיי וואָלטן וועלן טיפער אַרייננקריכן אין דער

וואַרימער שטומער ערד, הייבן זיך אויף ביידע קינדער און גייען אין שטוב אַריין. נאָר אַז משה׳לע טרעט איבער פאָרזיכטיק די שוועל פון דער פינסטערער דושנער שטוב, וואָס איז אָנגעפילט מיט שלאָף און סאָפּעריי, באַפאַלט אים עפּעס א נישטגיחא׳קייט און אים דאַכט זיך, אַז ער איז שוין דאָ נישט געווען פון יאָרן־לאַנג, אַז דאָס איז אַ פרעמדע שטוב, מיט פרעמדע אומהיימלעכע שאָטנס פון פרעמדע מענטשן...

# דריטעס קאַפּיטל.

אַ מאָדנער ייִד איז משה'לעס טאַטע. בשעת ער איז צופרידן, האָט ער ליב צו קויפן געשליפענע פסח'דיקע כּוסות סאַמע נאָך פסח און האַלטן זיי צווישן די פינגער אַנטקעגן דער זון; און בשעת ער איז נישט אויפגעלייגט, נישט צופרידן, זעצט ער זיך ביים עק טיש, די הענט אויף די קני, די געדיכטע אַראָפּגעהאָנגענע ברעמען ביז צונויפגעבויגן, און קוקנדיק אין איין פינטל אויף דער פּאָדלאָגע דורך די קאַלטע גלעזער פון די ברילן, טענה'ט ער אַלץ איין זאַך:

—בעי קאָסאַ, ניע בעי קאָטאַ... בעי קאָטאַ, ניע בעי קאָטאַ...

פאַראַן נאָך אַנדערע מאָדנע דרכים אין זיין כאַראַקטער, דהיינו: ער האָט זייער ליב זיך צו חבר'ן מיט קינדער, און דערוואַקסענע האָט ער פיינט. אויסער דעם אַלטן זלמנ'ען, וועלכען ער באַגעגנט טיילמאָל קאַלט און טרוקן, סתם אָן אַ שום סיבה, און אַמאָל וואַרעם און צופרידן, אויך סתם אָן אַ שום סיבה. קומט דער אַלטער זלמן אַמאָל אין אָוונט, ווי געוויינטלעך, קוקט

אים אָן משה׳לעס טאַטע מיט אַזוינע אויגן, ווי ער וואָלט אים קיינמאָל נישט געקאָנט, ווי ער וואָלט אים געזען דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבן, און גיט אַ זאָג מיט אַ נידעריקן שלעכטן קול:

—געקומען... אָנגעטראָגן זיך... נו, וואָס ביזטו געקומען? וואָס, וואָס ביזטו געקומען? גיי אַהיים שלאָפן...

און אַמאָל, פאַרקערט, טוט ער זיך געשווינט אַ הייב פון אָרט ביי זלמנ׳ס קומען, שפּרייט־אויס ביידע הענט אין דער־הייך און שרייט־אויס מיט שמחה:

—אַ, זלמן... איז דאָ! זלמן... איז דאָ!

משה׳לעס טאַטע רופט־אָן זלמנ׳ען מיט׳ן נאָמען און נאָך מיט אַ צולאָג—מיט זייער אַ מיאוס׳ן צונאָמען, וואָס יענער האָט מסתמא באַקומען נאָך ייִנגלווייז. נאָר זלמן באַליידיקט זיך זעלטן אויפ׳ן טאַטן, און ער מאַכט זיך גאָרנישט דערפון, ווען דער טאַטע נעמט אים אויף שלעכט. זלמן איז בכלל אַ קאַלטער און אַ רוהיקער מענטש. לויט זיין מיינונג, באַדאַרף אַ מענטש קיינמאָל פון קיין זאַך נישט נתפעל־ווערן. וואָרום, ערשטנס, פּאַסט עס נישט פאַר אַ מענטשן און, צווייטנס, נעמען זיך אַלע אומגליקן פון התפעלות, פון צו־הויך שרייען, פון צאַפּלען זיך, גאַפן און באַוואונדערן. רוהיק באַדאַרף מען זיין, קאַלט, געלאַסן און שטיל. דעמאָלט וואָלט די וועלט גאָר אַן אַנדער פּנים געהאַט. אויסערדעם, געדענקט נאָך זלמן משה׳לעס טאַטן, ווען יענער איז נאָך געווען אַ ייִנגל און ער האָט אים געלערנט שלעפן גרינע אוגערקעס פון פרעמדע גערטנער. ביידן האָט נישט געפעלט קיין אוגערקעס אין דערהיים, נאָר זלמן האָט שטענדיק ליב געהאַט אַזאַ מלאכה, וואָס איז עטוואָס ענליך צו אַ גנבה און איז פאַר־בונדן מיט געפאַר.

אָבער דאָס סאַמע אומפאַרשטענדלעכסטע אין טאַטן איז דאָס, וואָס בשעת ער האָט אַזוי ליב קינדער, בשעת ער טראָגט זיי אַרום אויף די הענט, מאַכט זיי צאַצקעס און גייט מיט זיי שפּאַ־צירן, מיידט ער אים, משה׳לען, שטענדיק אויס, און בשעת ער רעדט מיט אים, ווערט זיין פּנים פאַרצויגן מיט אַ שלעכטער ערנסטקייט, די געדיכטע אַראָפּגעהאָנגענע ברעמען בייגן זיך אויס,

און משה׳לען דאַכט זיך בשעת־מעשה, אַז ער שטייט פאַר אַ פרעמדן קאַלטן ייִד, וואָס וויל אים עפּעס טאָן אַ רעה.

זייער זעלטן רעדט ער מיט משה׳לען גוט, מיט ליבע, צערטלעך, ווי אַנדערע טאַטעס מיט קינדער. משה׳לע האָט אויך באַמערקט, אַז אין אַ פרעמדער שטוב, צי אויפֿ׳ן הויף מיט ייִדן איז דער טאַטע פריילעכער, ווי אינדערהיים. מיט פרעמדע מענטשן איז ער גאָר אַן אַנדערער. פאַר זיי האָט ער אַ וויץ, אַ גוט וואָרט, אַ שמייכל אָדער אַ געשיקטע באַוועגונג. אינדערהיים צווישן די אייגענע קינדער איז ער דאָס־רוב אומעטיק און שטיל. אָבער דאָס איז נישט דער אומעט און שטילקייט פון אַ געהאָרכזאַמען, פון אַ שוואַכער נאַטור, נאָר פון אַן אומצופרידענעם מענטשן, וואָס געפינט זיך קיין אָרט נישט אין שטוב. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי— פאַרשטייען אפילו נישט די עלטערע קינדער, און מען איז שוין אַזוי געוווינט דערצו, אַז מען רעדט קיינמאָל נישט וועגן דעם און מען באַוואונדערט עס נישט. און דאָך האָבן ליב די קינדער— משה׳לעס ברידער און שוועסטער—אָט דעם ייִד מיט די געדיכטע אַראָפּגעהאָנגענע ברעמען, מיט די שפּאַקולן אויף דער ברייטער נאָז, מיט די לאַנגע, פעך־שוואַרצע האָר, צו וועלכע עס פּאַסט זיך לחלוטין נישט די געדיכטע באָרד, וואָס האָט קיין שום קאָליר נישט. די געדיכטע שוואַרצע האָר האָבן פונדעסטוועגן נישט פאַר־ שלונגען דעם שטערן, וואָס איז מער ברייט ווי הויך און איז שטאַרק דורכגעשניטן מיט קנייטשן. דער סאַמע כאַראַקטעריסטי־ שער קנייטש איז דער, וואָס ליגט אויף דעם אָרט שטערן, וואו עס הייבט זיך אָן די נאָז און די געדיכטע ברעמען. דערדאָזיקער קנייטש האָט דריי קאַנטן: צוויי אַרויף און איינעם אַראָפּ און ליגט טיף איינגעשניטן אין הויט. בשעת דער טאַטע קוקט מיט די קליינע גלאַנציקע אויגן, רוקט זיך דער קנייטש צוזאַמען און עס דערנענטערן זיך די ברעמען, פונקט ווי צוויי ביימלעך וואָלטן געלעגן איבער צוויי קליינע פייערלעך. אַ גאַנצן טאָג שפּילט דער קנייטש: דאָ ווערט ער ברייטער, דאָ שמעלער, און די ברעמען רוקן זיך, בייגן זיך אָדער גלייכן זיך אויס. נאָר בעסער פון אַלץ געפעלן משה׳לען דעם טאַטנס נעגל. זיי זענען לאַנגע,

גלאַנציקע, האַלב־רונדע און ראָזע. אַז דער טאַטע לייגט־אַוועק די גאַנצע האַנט אויפ׳ן טיש, זעען זיי אויס ווי געסאָקטע און ווי אַרויפגעקלעבטע אויף די שפּיצן פינגער. זיי זענען אַזוי רונדיק, אַז זיי פאַרנעמען פּונקט אַ האַלבן פינגער אין־דער־ברייט. די פינגער אַליין זענען ווייכע, פולע און לאַנגע. פון ווייטן מאַכט דער טאַטע אַן אײַנדרוק פון אַ משכּיל, פון נאָענטן אָבער זעט ער אויס אַסך ייִדעשלעכער און אַז מען זאָל פון זײַנע לאַנגע האָר מאַכן געדרייטע בויגלדיקע פאות׳ן, וואָלט ער אויסגעזען, ווי אַ קליינשטעטלדיקער רבֿ.

די גרעסטע תּאווה זײַנע איז—קויפן און לייענען אַ לשון־קודש׳דיק בוך. לייען אַ בוך איז ניִשט אין זײַן נאַטור. אַז מען קלויבט זיך איבער אין אַ נײַע דירה, כאַפּט ער זיך באַלד מאַכן פּאָליצעס ביי די ווענט פאַר זײַנע ביכער, און די מאַמע באַדאַרף אָנקומען צו פרעמדע, זיי זאָלן פונאַנדערשטעלן די בעטן און די איבעריקע שטוב־מכשירים. און ביכער האָט ער אַזויפיל, אַז מען פירט זיי אין זעק און אין קאַסטנס. גנבים עקזיסטירן פאַרן טאַטן נאָר פאַר ביכער, און אַז אַ פרעמדער מענטש גייט־אַרויס פון שטוב, וואַרפט דער טאַטע אַ פאַרבאָרגענעם און אַ פאַרדעכ־טיקן בליק צו די פּאָליצעס. אין די דאָזיקע פּאָליצעס ליגט זײַן נשמה, און בשעת ער קוקט אויף זיי, שפּראָצט־אַרויס פון זײַן אויג אַ באַזונדער פייערל, פּונקט ווי זיי וואָלטן געוואונקען און גערעדט צו אים, ווי לעבעדיקע, פּונקט ווי זיי וואָלטן גע־שמייכלט צו אים ווי ברידער.

אין אַ צער, צי אין אַ פרייד—דער טאַטע האַלט אַ בוך. די סאַמע ליבסטע צייט צום לעזן איז ביי אים אין מיטן נאַכט. משה׳לען, וואָס האָט שרעקלעך מורא פאַר מייז, באַרוהיקט עס, און אגב שלאָפט זיך בעסער פאַר׳ן שײַן פון לאָמפּ און פאַר׳ן שטילן שאָרך פון אַן איבערגעקערט בלעטל.

דאָס בוך, איידער עס ווערט געלייענט, ווערט עס שטאַרק באַטראַכט. דאָס באַטראַכטן געדויערט גאַנץ לאַנג. פריער ווערט באַטראַכט און באַטאַפּט דאָס פּאָזע־בלעטל, דערנאָך דאָס פּאַפּיר. לסוף ווערט עס צוגעטראָגן צו דער נאָז און עס ווערט באַשמעקט

די דרוק־פּאַרב. בשעת מעשה שמייכלען אים עטוואָס די קנייטשן אַרום די אויגן מיט יענעם שמייכל פון אַן איינזאַמען, וואָס פילט, אַז קיינער פאַרשטייט אים נישט, און ער איז צופרידן דערפון.

די מאַמע האָט פיינט די ביכער און די פּאַליצקעס. נאָך איר שכל נאָך דאַרף מען אַ בוך לייען און בעסער טראַכטן פון דירה־געלד. געוויינטלעך האָט זי מורא פאַר'ן טאַטן, נאָר אַז איר ווערט צו איינג, וואַרפט זי אים־צו שטיל און פאַרביטערט, ווי מען וואַרפט־צו אַ קליין שפּיציק שטיינדעלע פון דער זייט:

—דיינע ביכער ליגן מיר שוין גוט אין די ביינער... אָט דאָ האָב איך זיי... דירה־געלט...

דער טאַטע קוקט זי אָן מיט די קאַלטע גלעזער פון די ברילן און מיט צונויפגערוקטע ברעמען:

—ביי דיר איז דאָך אַלץ אַזוי... בעי קאָטאַ, ניע בעי קאָטאַ...

וואָס איז ביי איר אַלץ אַזוי—בלייבט אַ רעטעניש.

אַז דער טאַטע איז גוט און אויפגעלייגט, וואָס דאָס טרעפט זיך זייער זעלטן, דערציילט ער פאַר די שטוביקע פון דעם נייעם בוך. ער דערציילט מיט שמייכל און מיט גלאַנץ אין די אויגן, וואָס פאַסט זיך זייער צו זיין פּנים און וואָס מאַכט ליכטיקער און וואַרימער אין שטוב. טאָן טוט ער עס ליגנדיק, מיט איין האַנט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ, אין דער צווייטער — דאָס בוך און דעם מיטעלסטן פינגער האַלט ער צווישן די בלעטער. אויסער די העלדן פון דער יידישער געשיכטע איז זיין ליבסטער העלד—נאַפּאָלעאָן; פון נאַפּאָלעאָנ'ען דערציילט ער זיך אָן געוואַלטיקע וואונדער. באַזונדערס רירענד איז נאַפּאָלעאָנ'ס סוף. איינער אַליין גוסס'ט ער אויף אַ פאַרוואָרפענער אינזל, וואָס טראָגט עפּעס אַ ווייבערשן נאָמען. אין דער נאַכט פון זיין שטאַרבן האָט נאַפּאָלעאָן דערזען דורכ'ן פענסטער אַ נייעם שטערן, וואָס האָט אַ ווילע העל גע־לויכטן און איז דערנאָך פאַמעלעך און טרויעריק אונטערגעגאַנגען.

—יאָ, האָט נאַפּאָלעאָן שווער אָפּגעזיפצט — דאָס איז מיין שטערן... ער איז אונטערגעגאַנגען. איך שטאַרב...

און נאַפּאָלעאָן האָט דערפילט ווי עס קילן אים די פיס און ווי דאָס האַרץ בלייבט שטיין.

משה׳לען פלעגען צוטרעטן וואַרעמע טרערן צו די אויגן, נאָר אין דער אייגענער רגע פלעגט ער דערשפירן אַן אומגעוויינלעכע ליבע צום טאַטן דערפאַר, וואָס ער ווייס וואָס צו דערציילן, און דערפאַר, וואָס ער האָט געמאַכט אַזוי ליב און היימלעך אין שטוב. אַלע זיצן און האָרכן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, און אפילו די מאַמע טראַכט איצט נישט פון דירה-געלד און קוקט צום טאַטן מיט ברייט-אויסגעשטעלטע אויגן און מיט צונויפגעפרעסטע ליפּן. און דער טאַטע קוקט נישט אויף קיינעם באַזונדער. ער קוקט אויפ׳ן מיטן שטוב און דערציילט.

פאַרוואָס איז דער טאַטע קיינמאָל נישט אַזוי גוט, ווי ער איז איצט, אין דערדאָזיקער מינוט? פאַרוואָס איז ער דאָס-רוב בייז, נישט צופרידן, קאַלט און פרעמד? פאַרוואָס האָט ער קיינעם נישט ליב, נאָר די פּאָליצקעס מיט זיינע ביכער? אויף דידאָזיקע פראַגן האָט משה׳לע יעדן טאָג געטראַכט און קיינמאָל קיין תשובה נישט געפונען, אויסער ווי און בענקעניש. אָט דער ייִדמיט׳ן דרייקאַנטיקען קנייטש צווישן די ברעמען און מיט די קאַלטע גלעזער אויף די אויגן האָט דאָך געקאָנט אַריינטראָגן פרייד אין שטוב און לייכטער מאַכן אַלעמענס געמיטער, ווען ער וואָלט געוואָלט זיין ווייכער, ריידעוודיקער, נענטער און באַהאַרצטער, ווי עס באַדאַרף זיין אַ טאַטע.

פאַראַן טאַטעס, וואָס מען קאָן זיי קושן, מען קאָן זיצן ביי זיי אויפ׳ן שויס, אָננעמען זיי פאַר דער באָרד, שפּילן און לאַכן זיי פרייעלעך אין פּנים אַריין. משה׳לעס טאַטע איז אָבער נישט פון די. און דערדאָזיקער אומשטאַנד פאַרשאַפט משה׳לען דעם שווערסטן און פיינלעכסטן ווייטאָק אין האַרצן.

נאָר אַזוי גוט איז ער יום-כיפּור אין שול און אין די טעג, ווען עס ווערן צייטיק די גוטע עפּל. בשעת עס ווערן צייטיק עפּל, הייבן-זיך-אָן ביסלעכווייז פונאַנדערציען די כמאַרנע ברעמען זיינע, דאָס פּנים ווערט אים לייכטיקער, פונקט ווי אַ שטראַל וואָלט כסדר געשפּילט דערויף, און עפּעטער שמייכלט ער און עפּעטער גייט

ער אין גאַס, און אַז ער קומט אַהיים, ברענגט ער די שענסטע און די טייערסטע עפּל. אַליין עסט ער זיי נישט. ער לייגט זיי אויס אויפ׳ן טיש און קען זיך קיינמאָל נישט אָפּוואונדערן פון זייער שיינקייט און ריח. נעמט ער איינעם אין די הענט, אַ צווייטן, דרייט זיי אום פאַר די אויגן, פאַר דער נאָז, לייגט זיי דערנאָך אַנידער און נעמט זיי ווידעראַמאָל אין די הענט אַריין.

— נאַ דיר אַ שיינעם עפּל, משה׳לע... — הערט משה׳לע פאַרקירצט זיין נאָמען אויף זיין טאַטנס ליפּן — עס, עס.

משה׳לע עסט אַ גרויסן עפּל, וואָס האָט אַ קאָליר פון פּוטער מיט אַ רויטער באַק. באַלד גיט אים דער טאַטע אַ צווייטן עפּל אין דער צווייטער האַנט אַריין. מישט זיך אַריין די מאַמע און זאָגט, אַז דאָס קען אים פאַרשאַטן, נאָר דער טאַטע פאַרשטעלט אים ווייך מיט די הענט.

— זאָל ער עסן, ניש׳קשה... — זאָגט דער טאַטע — אַזוינע עפּל זענען אַ היילונג פאַר׳ן מאָגן.

דער טאַטע איז אַ פרומער. אָבער די פרומקייט זיינע איז עפּעס אַ באַזונדערע, אַנ׳אָפּגעטיילטע, נישט ענלעך ווי ביי לייטן, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געהאַט זיין אייגענע אמונה. כאָטש אויף זיינע פּאָליצקעס שטייט זיך זייער געמיטלעך אַ ש״ס, אין וועלכן ער קוקט גאַנץ אָפט אַריין, פונדעסטוועגן רעדט ער קיינמאָל נישט מיט קיינעם פון גאָט, פון יענער וועלט, פון גיהנום און גן־עדן, שטראָפט נישט קיינעם, מישט זיך נישט אַריין אין יענעמס ענינים, וואָס זענען שייך צו פרומקייט, און אַז עס מאַכט זיך אין שטוב אַ שאלה פון פליישיקס־מילכיקס און משה׳לעס מאַמע גייט־אַרום אָן אַ קאָפּ, שמייכלט ער פאַרבאָרגן אין זיינע לאַנגע וואָנסן און קוקט זי אָן פון דער זייט מיט איראָניע. און אַמאָל וואַרפט ער איר צו מיט גאַל:

— צדקת מיינע... ווען נישט דו, וואָלט דער בורא־עולם שוין לאַנג זיך אָפּגעזאָגט פון אונזער זינדיק וועלטל... אַ קליינינקייט, דו האַלטסט דאָך אונטער די הימלען מיט דיין פרומקייט... יידען זענען ז׳אָך אַ פאָלק צוליב דיר...

אָנשטאָט אַן ענטפער, בייגט־איין די מאַמע דעם קאָפּ, רוקט

זיך אָפּ פון אים מיט פאַרביטערונג און פאַרדרוס און זיפצט־אָפּ מיט אַ שטילן דערשטיקטן זיפץ. זי ווייס זייער גוט, אַז מיט'ן טאַטן איז זיך נישט אָנצוהויבן, אַז ער וועט איר אַלעמאָל בעסער ענטפערן, איידער זי אים.

אָבער דער טאָג יום־כּיפּור שפּילט ביי אים אַ גרויסע ראָלע. צו יום־כּיפּור איז ער זיך שטאַרק מכין. אָן ווערטער און שטיל ענדערט ער זיך און מאַכט זיך גרייט צו דעמדאָזיקן טאָג, און עס מאכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געגאַנגען רעדן מיט גאָט אויג אויף אויג. דאָס איז אויך דער איינציקער טאָג, ווען ער וויל זען דאַוונען זיינע קינדער און אפילו זלמנ'ען. יום־כּיפּור באַדאַרפן אַלע זיין אין גאָט און מיט גאָט. דאָס איז נישט אַ טאָג פון אויסבעטן און אויסהאַנדלען אַ גוט יאָר, וואָס איז אַ קרעמערישע און אַ וואָכעדיקע זאַך, נאָר אַ הייליקער געטליכער טאָג איז דאָס, ווען דער מענטש באַדאַרף פון זיך אַראָפּוואַרפן דאָס מענטשלעכע און דאָס גשמיות'דיקע, און קיין שום קרעמערשע כּוונות נישט האָבן. מיט אַ וואָך פריער דינגט ער שוין אָן שטעט פאַר די קינדער און פאַר זלמנ'ען, און די גאַנצע וואָך באַרימט ער זיך ווי אַ שטיפעריש יינגל ביי יעדער געלעגנהייט:

—וואוילע שטעט געדונגען... אסך אָרט... בעסער ווי פאַראַיאָרן...

אָבער פאַראַיאָרן האָט ער דאָס אייגענע גע'טענה'ט.

מיט מחזורים איז ער אפשר דער רייכסטער ייד אין שטאָט. ער האָט זיי צענדליקער, גרויסע, מיטעלע און קליינע, און ער האָט ליב, ווען די קינדער פאַרטראַכטן זיך אַביסל, וואָסער מחזור צו נעמען.

—ווילסט דעם—נעם דעם, אַניט, נאַ דיר דעם—דרייט ער די מחזורים אין האַנט און האָט הנאה פון דעם אויסוואַל.

נאָך פאַרטאָג, ווען די זון שטייט־אויף נישט קיין איינגעוואַשענע און קוקט ווי אַ פאַרשלאָפענע, א גראָליך־רויטע אויף דער וועלט, גייט שוין דער טאַטע אין שול אַריין. פון שטוב קלויבט ער זיך אַרויס שטיל, אַז קיינער זאָל נישט הערן, פונקט

ווי עמיצער וואָלט אים געוואָלט שטערן אין זיין הייליקן גאַנג. משה'לע וואָלט אויך געוואָלט גיין אַזוי פרי, נאָר דער טאַטע וויל אים נישט מיטנעמען. דער עלטערער ברודער, וואָס האָט זיך אָנ־געלייענט מיט טריפה ביכלעך, קומט שפעט אין שול, נאָר דער טאַטע זאָגט אים־גאָרנישט. מעגלעך, אַז דאָס געפעלט אים נישט, אָבער ער איז דעמאָלט צו־גוט, אַז ער זאָל אים אויסרעדן. עס איז נישטאָ אַ מענטש אין דער וועלט, וואָס זאָל קאָנען אין דעם טאָג אַרויסרופן אין אים כעס און פאַרדרוס, ווארעם בייגט ער זיך צו דער באַנק און מאַכט פאַר אים אַן אָרט. בשעת משה'לע קומט אין שול אַריין, שטייט שוין דער טאַטע אין טלית, מיט די ברילן אויף דער ברייטער נאָז, און קענטיק איז אויף אים, אַז ער איז אַן אָנגעדאַוונטער, אַן אָנגעזאָגטער. עס שמעקט פון אים פאַרלעגע־נער טלית, ייִד און טאַטע. דאַוונען דאַוונט ער זייער שטיל און קוקט קיינמאָל נישט אין מחזור אַריין: די תפילות קאָן ער אויס־ווענדיג. אַ גאַנצן טאָג שטייט ער אויף די פיס. אַמאָל שמייכלט ער צו אַ באַקאַנטן ייִד, וואָס שטייט אין אַ ווייטן ווינקל, און אַמאָל שנעלט ער זלמנ'ען אין דער נאָז און טרייבט אים פריילעך אונטער:

— דרעמל נישט, זלמן, דאַוון!

און עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי דער טאַטע מיט אַלע ייִדן פון שול וואָלטן געפאָרן אויף אַ גרויסער שיף, וואָס ציטערט און וויגט זיך אויף בייזע אומרואיקע כוואַליעס פון ים, אָבער דער טאַטע איז מוטיקער און זיכערער, ווי די אַלע אַנדערע ייִדן, ווייל ער גלויבט, אַז די שיף וועט נישט אונטערגיין. דער טאַטע, דאַכט זיך משה'לען, האָט איצט גאָט נעבן זיך. ער האָט אים נעג־טער, איידער דער הויכער מאָגערער רב, וואָס שאָקלט זיך דאָרט, נעבן ארון־קודש, ווי אַ בוים. ער האָט אים ביים האַרצן און ביי די אויגן און זיין אָפשיין פאַלט אים אויפ'ן פנים, ווי אַ ווייכער שיין.

נאָר פאַראַן תפילות, וואָס דער טאַטע ווערט ביי זיי מאָדנע אומעטיק און אַמאָל פאַרפאַלט אים אַ טרער אויף דער באָרד. און אַז משה'לע קוקט־זיך־צו, זעט ער, ווי דער טלית ציטערט אויף דעם טאַטנס גוף. דאָס גיט זיך איבער אויך משה'לען. נאָר ביי זיך פרעגט ער: וואָס וויינט דער טאַטע? וויינט ער טאַקי? און

משה׳לע קוקט זיך אַרום: דער טאַטע וויינט גראָד ביי אַזויגע תפילות, וואָס אַנדערע ייִדן זאָגן זיי גלייכגילטיק.

נאָך שחרית שיקט ער משה׳לען עסן. משה׳לען באַליידיקט עס, נאָר ער מוז גיין. משה׳לע איז אָבער זייער פרום און וויל בשום אופן נישט עסן. ער וויל זיין ווי אַלע גרויסע פּאַרטיקע ייִדן, וואָס פאַסטן ריין דעם טאָג און וואָס האָבן גאָט נעבן זיך. אַ פּאָר שעה דרייט ער זיך אַרום איבער די גאַסן, ווערט געוואָר אַ־ן שטוב, וואו עס עקלט אים פון די שוועסטער, וואָס פאַסטן נישט און דאַרפן נישט דאַוונען, און קומט צוריק אין שול אַריין מיט אַ טויט פּנים, ווי קאַלך. דער טאַטע קוקט אים אָן און שווייגט.

— זעץ זיך, — זאָגט ער שטיל, — זעץ זיך און זיץ...

משה׳לע זעצט זיך און ווידער פילט ער דעם באַקאַנטן איינגעוואַרימטן ריח פון פאַרלעגענעם טלית, ייִד און טאַטע, און ער טראַכט ביי זיך, אַז נאָך קיינמאָל פילט ער זיך נישט אַזוי פאַר אַ קינד פון אָט דעם ייִד, ווי היינט. און דאָס גיסט אים אָן מיט שטילן תענוג.

צו נעילה דאַכט זיך, אַז די ליכט ברענען מיט א מיד פייער, אַז אויף די ווענט ליגט אַנ׳אָפּגע׳חלש׳טקייט, אַז דעם חזן פאַר־פעלט אָטעם, און אַז נעבן יעדן ייִד שטייט גאָט און גלעט אים — ער זאָל קומען צו די כּוחות. גאָט איז אַזוי דייטלעך אין שול, אַז עס פילט זיך זיין אָטעם און זיין אויג, און דאָס שרעקט עפּעס נישט. פאַרקערט, דאָס האַרץ, דאָס שוואַכע אויסגעפּייניקטע האַרץ ווערט אָנגעזאַפּט מיט ליכט און מנוחה, פּונקט ווי פאַרבלאָנדזעטע פאַר׳יתום׳טע קינ־ער האָבן פלוצלינג געפונען זייער טאַטן. גאָט האָט זיך, אפנים, אַראָפּגעלאָזט פון זיינע הויכע הימל־פּאַלאַצן און לעבט אויך איבער א שווערן טאָג אויף דער ערד, פּונקט ווי זיינע ייִדן. פאַר משה׳לען איז דאָס זייער אַ וויכטיקער געדאַנק, אַרום וועלכן זיין קליין דענק־אַפּאַראַטל לאָזט שטאַרק אין באַוועגונג די רעדלעך. אָבער אין דער אייגענער צייט פילט ער עפּעס אַ פיזישע נישט־גוטקייט, פּונקט ווי ער וואָלט געלעגן אין אַ היץ־קראַנקהייט. עס האַקט אין די שלייפן און עס דריקט אים אונטער׳ן האַרצן און

עס טריקענען די ליפּן. אים דאַכט זיך, אַז ער האָט קיינמאָל אויף זיין לעבן נישט געגעסן, אַז עס ווילט זיך גאָרנישט עסן און אַז זיין קערפּערל, וואָס ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער, שווימט ערגעץ אין אַ וואַרעמער און גרינער פינסטערניש. פּלוצלינג דער־פילט משה׳לע דעם טאַטנס האַנט אויפ׳ן שטערן. די האַנט איז אַ וואַרעמע, אַ ווייכע און אַ געטרייע.

— דיר טוט ווי דער קאָפּ, מיין קינד?.. — פרעגט דער טאַטע מיט אַן אומבאַקאַנטער ווייכקייט, און משה׳לע דערפילט, ווי קאַלטע קיילעכלעך טאַנצן אים אויפ׳ן רוקן.

דער טאַטע שפּרייט־אויס זיין גראָבן ווינטער־מאַנטל און לייגט משה׳לען דערויף. ליגנדיק, צעגיסט זיך אין משה׳לען די שוואַכקייט און עס דאַכט זיך אים, אַז די גרינע פינסטערניש, אין וועלכער ער שווימט, הייבט אים־אויף ערגעץ זייער הויך און וואַרפט איהם תיכף ומיד אַראָפּ אין אַן אייגגן דושנעם טאָל, וואו עס דרייען זיך מיליאָנען משונה׳דיקע פליגעלעך. נאָר פּלוצלינג קומט ווידער די האַנט צו זיין שטערן, און צוויי קליינע גראָע אויגן באַדעקט מיט גלעזער, דערנענטערן זיך צו אים.

— אָט באַלד... אָט באַלד... האָסט מיך גענאַרט, נישט געגעסן...

און אין די ווערטער ליגט נישט קיין פאָרוואורף, נאָר רחמנות און ליבע. נאָך עטלעכע מאָל קומט די האַנט און נאָך עטלעכע מאָל דערנענטערן זיך די קליינע גראָע אויגן מיט די גלעזער. און אַ פּאָר מאָל פאַלן שטיל די ווערטער פון מויל:

— אָט באַלד... אָט באַלד...

אין שול ווערט שטילער, טונקעלער און דושנער, פּונקט ווי אַלץ איז לאַנגזאַם אָפּגעשטאָרבן, דערשטיקט געוואָרן פון פּאַר־פּעלטן אָטעם. גאָט אַליין, דאַכט זיך, האָט זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען נעבן טיר אויף אַ באַנק. ער האָט אַ פּנים פון אַ מענטש, מען קאָן אָבער נישט וויסן, וואָס דאָס איז פאַר אַ פּנים: עס איז לענגלעך און קיילעכיק און טונקעל און העל, אַמאָל איז עס אַלט און אַמאָל איז עס יונג, און אויגן האָט ער אַמאָל שוואַרצע און אַמאָל גראָע

און אַמאָל בלאָע און פאַרהילט איז ער אין אַ לייכט ווייס רויכעלע, ווי אין אַ וואָלקנדל.

אויף דער לעצטער באַנק זיצט ער. נעבן טיר. נעבן יואל דעם וואַסערפירער און בערקע דעם מאַרקטרעגער. דער לעצטער, נישט דער ערשטער, נאָר דער בעסטער, דער בעסטער, דער בעסטער.

צווישן די ווייסע טליתים באַוועגן זיך שאָטנס, וואס וואַקסן ווי בערג, און אויפ'ן פענסטער ציטערן קאַלטע לבנה־שטראַלן, פונקט ווי אין אַ ווינטער־נאַכט. קוקט מען אויף די דאַוונערס, ווערט הייס און דושנע, קוקט מען אויף די שטראַלן, שוידערט פון קעלט. נאָר אָט דערהערט זיך אַ פּאַטש אויפ'ן בעלעמער, א שטים פון אַ מאַנסביל, וואָס וויל שטאַרק עסן, שרייט־אויס ענערגיש, אייליק און וואָכעדיק:

והוא רחום יכפר עון!

און אַ געדיכטער גערויש צעטראָגט זיך איבער די דאַוונערס, ווי אַ ווינט צווישן וואַלד־ביימער.

דאָס לעבן איז צוריק אַריינגעטראָטן, אָבער צוזאַמען מיט זיין נישט־פרומקייט און וואָכעדיקייט, וואָס פילט זיך אין יעדן טאָן, אין יעדן קלאַנג פון מעריב, און גאָט, דאַכט זיך, איז שוין מער נישטאָ אין שול.

— משה'לע!—ציט אים דער טאַטע פאַר'ן הענטעל—משה'לע, מען דאַוונט שוין מעריב...

נאָר משה'לע שלאָפט נישט—ער שווימט. און אַ שווימנדיקן זעצט אים דער טאַטע אַנידער, פאַרבינדט אים מיט אַ טיכל דעם האַלדז און פירט אים אין קאַלטע לבנה־שטראַלן אַהיים. דער טאַטע גייט צוזאַמען מיט זיין לאַנגן שאָטן, אונטער'ן אָרעם טראָגט ער דאָס טלית־זעקל און עס פילט זיך גוטער טאַטע אין זיין טראָט און גוטער טאַטע אין זיינע באַוועגונגען און אפילו אין די צע־יאָגטע פאָלעס פון זיין מאַנטל.

אָבער צומאָרגנס איז ער דער אייגענער, און דאָס שווערע גראָע לעבן אין שטוב ווערט נאָך שווערער און גראָער אונטער דעם טאַטנס קאַלטע אומצופרידענע בליקן.

ווידער קומען אין שטוב קאַלטע שטומע טעג, וואָס ווערן נישט דערוואַרעמט פון דעם טאַטנס שמייכל, און עס מאַכט דעם אײַנדרוק, הי ער וואָלט געווען אַ פרעמדער קוואַרטיראַנט, וואָס צאָלט נאָך דערצו נישט קיין דירה=געלט. און אויף דער מאַמען ליגט די גאַנצע נויט ווי אַ שוואַרצער וואָלקן: זי לויפט אין מאַרק, זי גרייט צום טיש, זי הייצט דעם אויוון, זי מאַכט הלוואות און צאָלט דירה-געלט און ווישט זיך שטילערהייט די אויגן אין קיך און באַקלאָגט איר מזל פאַר זיך אַליין, אַז קיינער זאָל נישט הערן. אָבער אויף דעם אַלעם באַקומט זי איין ענטפער פון טאַטן: אַ גיי ביכל אין די הענט און אַ שאָרך פון די בלעטלעך מיט אַ ריח פון פרישער דרוק=פאַרב...

# פערטעס קאַפּיטל.

נאָך פּסח, בשעת די ערד הייבט־אָן צו גרינען, גייט שוין משה'לעס טאַטע מיט פרעמדע קינדער אין וואַלד אַריין. אַ טאָג דערצו קלויבט ער אויס סאַמע אַ וואָכעדיקן, אַ געוויינלעכן, בשעת אַנדערע טאַטעס האָרעוועווען און לייגן־אַוועק דאָס געזונט פאַר פרנסה. די מאַמע טאָר דאָס נישט איבעררעדן. די מאַמע מוז שווייגן. וואָרום משה'לעס טאַטע האָט שרעקלעך פייַנט אַרבייט און פרנסה, און נאָך טויזענטער מאָל פיינטער, ווען מען דערמאָנט עס אים. ער קאָן אַפילו נישט איבערטראָגן די דאָזיקע ציוויי ווערטער. זיי רופן אין אים אַרויס עפּעס אַ פיזישן ווייטאָק, פון וועלכען ער פאַרקרימט זיך, פונקט ווי ער וואָלט אַראָפּגעשלונגען אַ ביטערע רפואה.

— אָבער עפּעס פאַרדינען באַדאַרף דאָך אַ מענטש, — זאָגט אים אַמאָל די מאַמע מיט אַן אויסגעמאַטערטן קול און קוקט אים נישט אין די אויגן אַריין פאַר שרעק און ערגערניש, — ווי לעבט עס אַ מענטש אַזוי הפקר, פרעג איך דיך...

אָבער דער טאַטע ענטפערט איר נישט און ער האָט בעת־מעשה אַזאַ מינע, פונקט ווי אַ פליג וואָלט אים איינבייסן.

בשעת דער טאַטע גייט מיט די קינדער אין וואַלד, מוז זיך משה'לע לאַנג בייז אים איינבעטן — ער זאָל אים אויך מיטנעמען. און אַז ער נעמט אים מיט, קומט עס ביי אים אַרויס פרעמד און קאַלט, ווי אַ שווערע און אַ געצוואונגענע טובה, וואָס אַן עלטערער טוט אַן עלטערן און נישט ווי אַ טאַטע אַ קינד. משה'לע גייט דער ווייסטסטער פון אים און הערט זיך־צו מיט אַ שטומען וויי, ווי ער דערציילט פאַר די פרעמדע קינדער, וואָס משה'לע האָט זיי גאָרנישט ליב, פון גראָזן און בלומען און ביימער. דער טאַטע קאָן אַלע גראָזן און קרייטעכצער, אַלע בלומען און ביימער. ער ווייס, ווי זיי הייסן, ווי זיי וואַקסן און ווי אַזוי מען באַדאַרף זיך נוהג־זיין מיט זיי. נישטאָ אַזאַ בוים, אַזאַ גרעזל, וואָס זאָל זיין דעם טאַטן נישט באַקאַנט. אפילו אַזוינע ביימער, וואָס וואַקסן אין ארץ־ישראל, צי אין אַנדערע ווייטע לענדער, קאָן ער אויך. וועגן געוויקסן דערציילט ער מיט אַזאַ לשון, פונקט ווי ער וואָלט רעדן וועגן לעבעדיקע מענטשן: דער בוים האָט, צום ביישפּיל, ל י ב זיין צווייגל, ווי אַ מאַמע איר קינד; דאָס גרעזל ב ע נ ק ט נאָכ'ן צווייטן גרעזל, וואָס איז נעבן אים אויסגעריסן אָדער צעטראָטן געוואָרן; דאָס בלימל ט ר י נ ק ט דעם טוי און ביינאַכט מאַכט עס־צו די בלעטלעך — ש ל אָ פ ן באַדאַרף עס; אַנ'אָפּגעהאַקטער בוים ש ט אַ ר ב ט־אַוועק — דאָס ל ע ב ן גייט פון אים אַרויס, ווי דאָס ב ל ו ט פון אַ דורכגעשאָסן האַרץ, און אַזוי ווייטער און ווייטער.

אַרויסגייענדיק פון שטאָט אויפ'ן פעלד, וואו וואַרימע שטיפעריש ווינטעלעך גלעטן די באַקן, און וואו דאָס פרייע ליכט פון דער ערד ביז'ן הימל גיט פריילעך אַ זעץ אין די אויגן אַריין, אַרט שוין משה'לען נישט, וואָס דער טאַטע האַלט זיך מיט פרעמדע קינדער און לאָזט אים גיין אַ דערווייטערטן פון זיך. זאָל ער רעדן פאַר זיי, זאָל ער דערציילן. משה'לע באַדאַרף אים שוין נישט מער. ער האָט שוין איצט זיינע

אייגענע, אומבעהויער-ווילדסטיקע רעיונות און שפּירונגען, וואָס מיט זיי איז גוט צו פאַרבלייבן אַליין. עס איז דאָ אַזויפיל הימל, אַזויפיל פעלד, אַזויפיל ליכט און פרייער שטח. און קליין און אייגן און שלעכט וואָס אים איז די שטאָט אַנטקעגן דעם ליידיקן, אומענדלעך-ברייטן, נישט-פאַרבויטן פעלד, וואָס צערט דאָס טאָג-ליכט און קאָן עס נישט פאַרצערן. און משה'לע קוקט אַרויף און אַראָפּ און ביי די זייטן און פרעגט זיך:

—פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ גרויסע, אַזאַ וואַלדער-גרויסע ערד?

גאָט האָט זי באַשאַפן. גאָט באַשאַפט דורך אַ וואָרט, דורך אַ שפּרוך. ער זאָגט — און עס ווערט. אָבער ווי ווערט עס פון אַ שפּרוך אַזאַ אמת'ע ערד, אַזאַ שווערע, אַזאַ גרויסע, וואָס מען קאָן זי גראָבן און זייען און בויען און גיין אויף איהר? אָט די זון האָט געוויס גאָט באַשאַפן. די זון איז ליכט...

אויפ'ן וועג פאָרן פויערים און זיי שלאָגן-איבער משה'לעס געדאַנקען. די וועגעלעך סקריפּען, די פערדלעך גייען לאַנגזאַם, דער שטויב קנוילט זיך ביי די רעדער, די פויערים זיצן רואיג מיט אַראָפּגעהאַנגענע פיס, מיט בייטשן אין שוואַרצע הענט, מיט אַ פעסטן זיכערן קוק פון אונטער'ן שטערן, און משה'לע איז זיי שרעקלעך מקנא. און באַ'טעמ'ט איז דער ריח, וואָס טראָגט זיך פון זיי: פעלץ און פערד און דזיעגעכץ און מאַכאָרקע. עס דאַרף זיין, לויט משה'לעס געדאַנקען, זייער אָנגענעם צו האָבן אַן איינזאַם שטיבעלע ערגעץ אין פעלד, נעבן אַ וואַלד, מיט קליינע פענסטערלעך, מיט בהמות, מיט הינט און שעפּסעלעך, און זייען און אַקערן די ערד און פאָרן איצט אין שטאָט אַריין צוזאַמען אין אַ לאַנגער שורה מיט אַנדערע פויערים פאַמעלעך, רואיג, אָן דאגות און זיכער.

—ס'באַגאָם!—שרייט אויס צו זיי משה'לעס טאַטע מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ.

די פויערים דאַנקען רואיג און שמייכלען, אָנקוקנדיק לאַנג דעם ייד מיט די קינדער.

די פעלדער. זענען יונג-גרין, פריש-גרין ווי גרין פּאַפּיר. יונגע שפּיציקע גרעזלעך פון שפּעטיקער־תבואה שטייען גלייך ווי שפּילקעלעך פוןביידע זייטן וועג, אויף פרישער מאַמעדיקער ערד. פון נאָנט שטייען זיי באַזונדער, פון ווייטן זענען זיי צונויפגעגאָסן, און עס דאַכט זיך, אַז די ערד איז דאָרט פאַרמאָלט מיט גרינע פאַרב. וואו-נישט-וואו גראָט אַ שטיבעלע מיט קליינע חנ׳עוודיקע פענסטערלעך, וואָס קוקן ווי קליינע קלוגע גראָע אויגן אין דער ווייטער וועלט אַריין. און דאָ און דאָרט שפּאַצירט-אַרויס אַ פרוכט-בוים, פּונקט ווי ער וואָלט פריער געווען באַהאַלטן, אָנגעטאָן אין ווייסער בליאונג, ווי אַ כלה-מיידל אין אַ ווייס חופּה-קלייד, און הינטער אים שפּאַנט שלאַנק אַ הויכער יעגלבוים פּונקט ווי אַן אויסגעפּוצטער חתן הינטער דער כלה. די אַלטע בעראָזע, וואָס שווימט-אַרויס פון דער זייט מיט צעצווייגטע צווייגן, פּונקט ווי פונאַנדערגעשפּרייטע הענט, זעט אויס ווי אַ מיוחס׳דיקע באָבע, וואָס בענטשט דאָס פאָרל. ווי אַ שוואַרץ-בלאָער רויך ציט זיך פון ווייטן דער וואַלד, און עס דאַכט זיך, אַז אַ ברעג הימל פאַלט אין אים אַריין ווי אַ ליכטיק וואַסער. די זון באָדט אין גאָלד די יונגע פעלדער, און עס שמייכלט גרעזל צו גרעזל, בלימל צו בלימל, ווייס וואָלקנדל צו ווייס וואָלקנדל. ערגעץ שרייט פריידיג אויס אַ פייגל, און אַז מען הייבט-אויף די אויגן, זעט מען, ווי ער פליט אונטער׳ן הימל, ווי אַ שוואַרץ קיילעכל מיט צוויי עקן ביי די זייטן.

עס דאַכט זיך, אַז די זון ווערט גאָלדענער און גאָלדענער. מער גאָלד און מער וואַרעמקייט, מער ליכט און מער טאָג, פּונקט ווי ווייסע מלאכים וואָלטן פון די ברייטע פרייע הימלען צוגעגאָסן דעם טאָג מער ליכט. און, ווי לעבעדיקע, שטיפן לייכטע ווינטעלעך. עס דאַכט זיך, אַז מען קאָן זיי אָנכאַפּן, פאַרהאַלטן, צודריקן זיי צו דער באַק, אַריינלייגן אין אַרבל, ווי אַ פייגעלע, ווי אַ שמעטערלינג. דידאָזיקע ווינטעלעך שפּילען זיך מיט די יונגע גרעזעלעך, מיט משה׳לעס האָר, מיט׳ן שטויב אויפ׳ן וועג. מיט אַלעמען זענען זיי גוט און חבר׳לעך. אַז זיי קומען פאַרביי דאָס אויער, גיבען זיי עפּעס אויף דער-גיך אַ זאָג, פּונקט ווי זיי וואָלטן פאַר-

שפּרעכן אַ גוטע זאַך, נאָר מען ווייס נישט וואָס. צו־שנעל רעדן זיי. אָבער דער, וואָס פֿאַרשטייט זייער לשון, דעם ווערט מקויים דאָס צוגעזאָגטע, און משה׳לע פֿאַרקנייטשט דעם שטערן און פּרובט טרעפֿן.

לינקס פֿון וועג הייבן זיך אָן די ציגעלניעס מיט די צוויי הויכע קוימענס. דידאָזיקע ציגעלניעס זענען באַרימט אין שטאָט. לויט משה׳לעס ידיעות האַלטן זיך ־דאָ אויף גזלנים, מערדער, בייטעלשניידער, קאָרטנשפּילער, מכשפֿים, רוחות און ריזן, וואָס פֿאַרצוקן אַלע טאָג אַ הונדערט מענטשן און מען קאָן צו זיי קיין שום תרופֿה נישט קריגן. די אַלע שרעקלעכע אַרבייטן ווערן אָבער אָפּגעטאָן ביינאַכט, און בייטאָג איז נישט אַזוי געפֿערלעך, נאָר פֿונדעסטוועגן קלאַפּט משה׳לען דאָס האַרץ און מיט אָנגעשראָקענע אייגלעך זוכט ער אויף דעם גרויסן שטח פֿון צעגראָבענער ליימיקער ערד, וואו עס שטייען אַלטע בנינים און שטאַלען, אַ פּאָר ריזן אָדער עטלעכע מכשפֿים. מכשפֿים און ריזן זענען אָבער נישטאָ, און אָנשטאָט זיי דרייען זיך אַרום פֿאַרשמייעטע פֿ אַ ר צ י ג ע ל ט ע ייִדן צווישן לאַנגע שורות וועגעלעך מיט קליינע פֿערדלעך, און עס הערט זיך ווי זיי שרייען איינער צום צווייטן:

— חאַצקל, צייל־אויס! די מאָס איז שוין דאָ. נישט געדאַכט זאָלסטו ווערן!...

עס וואָלט געווען העכסט אינטערעסאַנט צו פֿרעגן, וואו טוען זיך אַהין בייטאָג די מכשפֿים מיט די ריזן, אָבער עס איז נישטאָ ביי וועמען צו פֿרעגן. אַ גרויסער דערוואַקסענער מענטש וועט נישט וועלן געבן קיין געהעריגן ענטפֿער וועגן דעם און אַ ייִנגעל ווייס גאָרנישט. און משה׳לע באַשטימט ביי זיך, אַז זיי, די נישט־גוטע מוזן איצט שלאָפֿן אין די צוויי הויכע קוימענס, וואָס קוקן צום הימל מיט שוואַרצע מיילער, פּונקט ווי זיי וואָלטן אים וועלן איינבייסן. דידאָזיקע ציגעלניעס זענען אוודאי שרעקלעך, אָבער רעכטס פֿון וועג שפּילן אַזויפֿיל פֿעלד־פֿאַרבן און עס איז דאָ אַזויפֿיל ליכט און הימל, אַז די חאַצקלס מיט די ליימיקע גריבער, מיט די הויכע קוימענס, מיט די מכשפֿים און ריזן גייען באַלד אַרויס פֿון זכרון און זיי שרעקן נישט מער. אָדער, פֿאַר־

קערט, זיי זענען גאָר נייטיק דאָ, ווי עס איז נייטיק דער שאָטן דעם שטראַל, די נאַכט דעם טאָג, דער טונקעלער הימל דער לבנה.

פון די ציגעלניעס לויפט דער וועג גלייך אין וואַלד אַריין. אויף דעמדאָזיקן וועג איז שוין ווייניקער שטויב און ווייניקער שפורן פון רעדער. קענטיק, אַז מענטשן גייען דאָ אויך ווייניק, און עפּעס אַ קדושה וועיעט שטענדיק פון די ערטער, וואו מענטשן גייען ווייניק. סאמע אינמיטן וואַקסט גראָז, און עס קוקט פון ווייטן אַזוי יונג און זאַפטיק, פונקט ווי עס וואָלט געוואַקסן ערגעץ אויף אַן אָפּגעהיט פעלד און נישט אויף אַ מיטן וועג. דער מעכטיקער שיין פון טאָג שלאָגט אין די אויגן אַריין און עס ווערט הייסער צו גיין. אויפ׳ן בלאָען הימל קומען פון ערגעץ צושווימען, פונקט ווי פון גאָטס כסא-הכבוד אַרויס, ווייסע קליינע קרייזלדיקע וואָלקנדלעך. זיי באַוועגן זיך לאַנגזאַם אָדער בלייבן פּלוצלינג שטיין, ווי ווייסע טויבן פאַר בלאָ וואַסער. אַמאָל באַהעפטן זיך צוזאַמען עטלעכע וואָלקנדלעך און רוקן זיך אַזוי איבער דער גלאַטער הימל־בלאָקייט פאַמעלעך־פאַמעלעך, קוים צום מערקן, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך געהאַלטן פאַר די הענט און צוגעמאַכט די אויגן און אַזוי געצויגן זייער ווייטע און ווייסע נסיעה.

נאָר פּלוצלינג ווערן זיי זיס־אָפּגעשוואַכט, לאָזן זיך איין, פאַרלירן זיך און שטאַרבן, ווי שניי, מיט אַ ווייס לייכט שמייכעלע אין דער געדיכטער הימל־בלאָקייט.

משה׳לע ווערט נישט מיד צו קוקן אויפ׳ן הימל און אויף דער ערד. פאַרקערט, ער פילט בחוש, אַז צוויי אויגן זענען ווייניק פאַר אַ מענטשן. ער האָט נייטיק באַדאַרפט האָבן נאָך אַ צען אויגן. וואָרום בשעת מען קוקט אין איין זייט, איז טשיקאַווע צו וויסן, וואָס עס טוט זיך אין דער צווייטער זייט, און בשעת מען קוקט אויף די וואָלקנדלעך, ווילט זיך אויך זען, וואָס פאַר אַ פליגעלעך עס דרייען זיך אַרום אינ׳ם יונגן גראָז אָדער ווי אַזוי זעט אויס דער פויגל, וואָס האָט זיך פּלוצלינג צעפּייפט אויף אַ דערבייאיקן בוים. טיילמאָל דאַכט זיך, אַז דאָס סאַמע זיסטע, וואָס מען קאָן זיך ווינטשן אין לעבן, איז גיין אין אַ הייכן טאָג צווישן פעלדער אין וואַלד אַריין. אָבער גיין נישט אויף איין

טאָג, נאָר אויף שטענדיק, אויף אייביק, דאָס גאַנצע לעבן, אָן אַן אָפּשטעל, אָן אַן אויפהער, כסדר, און קוקן אויף הימל און ערד, אויף וואַלד און פעלד, אויף פויגל און פליגעלע. און מיט־נעמען שיינדעלען האָט מען באַדאַרפט. שיינדעלע פעלט. זי האָט אים באַדאַרפט גיין ביי דער זייט מיט די אויסגעשוירענע ליפּלעך און מיט דעם קינדישן שנעלן טריט, אַ באַוועגלעכע און אַ האַס־טיקע. און פאַרוואָס האָט ער זי באמת נישט מיטגענומען? האָט ער עס נישט געוואָלט טאָן צוליב די יינגלעך, וואָס לויפן־אַרום, צופרידענע, אַרום טאַטן? אָדער ער איז נישט געווען זיכער, אַז דער טאַטע וועט אים מיטנעמען?

משה׳לען פאַרדריסט שטאַרק, וואָס שיינדעלע גייט נישט מיט אים צוזאַמען און איז פאַרבליבן אין שטאָט. דערדאָזיקער אומשטאַנד פאַרשאַפט אים עפּעס אַ פיינלעכע שפּירונג, פונקט ווי ער וואָלט האָבן אויפ׳ן געוויסן אַ גרויסע עוולה. אָבער באַלד ווי ער דערזעט דעם וואַלד, דעם אַלטן גרויסן סאָסנע־וואַלד, וואָס שטייט פעסט אויף דער ערד מיט זיינע ריזיקע שטאַמען און לעבט זיך זיין באַ־זונדער לעבן, ווערט אים צוריק לייכט אויף דער נשמה און ער פאַרגעסט אָן אַלץ און אַלעם. דער רעג, וואָס לויפט פון די ציי־געלניעס אַהער, לאָזט זיך דאָ אַראָפּ אין אַ טאָל, פונקט ווי ער וואָלט זיך געבוקט פאַר די שטרענגע שווייגנדיקע ביימער. משה׳־לען טוט אַ צאַפּל דאָס הערצל ביז ווייטאָק און שמחה צוזאַמען. ער וויל אויסשרייען, אָדער אַ שפּרונג טאָן, אָבער ער איז שוין געווינט איינצוהאַלטן זיינע געפילן, נישט אויסדריקן זיי פאַר אַלעמען אין די אויגן, לאָזן זיי שוימען בלויז ביי זיך אין די אייגענע קעמערלעך פון זיין הערצל, און מיט אָנגעשטרענגטע אויגן מאַכט ער שנעלע טריט צום וואַלד.

דער טאָג ברענט אויף די שפּיצן פון די הויכע סאָסנעס, נאָר אונטן ליגן שמעקעדיקע באַוועגלעכע שאָטנס מיט פאַסן און נעצן פון גאָלד. דידאָזיקע פאַסן און נעצן פלאַטערן אויך אויף די שטאַמען און צווייגן פון די ביימער, און איבער׳ן גאַנצן וואַלד גייט אַ שפּיל פון גאָלד מיט שאָטן: זיי באַוועגן זיך, פלעכטן זיך

איבער, רוקן זיך פונאַנדער און ציטערן פונקט ווי לעבעדיקע, און עס דאַכט זיך, אַז זיי יאָגן פאָרזיכטיק איינאַנדער.

אַז מען קוקט אויף אַלע ביימער מיט אַמאָל, דאַכט זיך אַז זיי גייען: די הינטערשטע ביימער שפּאַרן זיך, די זייטיקע לויפן, איבעריאָגנדיק איינער דעם אַנדערן, און די פאָדערשטע גייען. מאַנכע בייגן זיך אָן אין גאַנג, מאַנכע האַלטן מיט שטאָלץ הויך דעם קאָפּ און אַנדערע גייען געאָרעמט. ביי די זייטן זעט זיך וואו-נישט-וואו דער הימל אין בלאָע פאַסקעלעך, פונקט ווי עמעצער וואָלט דאָרט אויסגעהאַנגען זיידענע בלאָע סטענגעס, און אויבן קוקט ער אין רעדעלעך און קרייזעלעך. ביי די זייטן איז דער הימעל בלאָ, אויבן — בלאָ מיט גאָלד צוזאַמען. טיילמאָל פאַרשווימט אַ ווייס קינדיש וואָלקנדל אין אַ רעדעלע הימל און קוקט מיט ליכטיקן שמייכל און נייגעריקייט אין וואַלד אַריין, קוקט, קוקט, ווי אַ ווייס מלאכ'ל און שווימט זיך לאַנגזאַם אַרויס פונ'ם רעדעלע.

און אין וואַלד איז שטיל, און פונ'ם האַרטן גראָז, פאַרלייגט מיט אַלטע נאָדלבלעטער און צווייגן, גייט-אויף אַן איינגעשלאָסענער געדיכטער וואַלד-אַראָמאַט, פון וועלכן עס שווינדלט מחיה'דיק דער קאָפּ, ווי פון גוטן פסח'דיקן וויין. טיילמאָל דערהערט זיך אַן אומבאַקאַנטער טשוויטשער פון אַ פויגעל און אַמאָל דערטראָגט זיך פון ערגעץ אַ שאַרפער קנאַק, פונקט ווי עמעץ וואָלט געגאַנגען איבער טרוקענע צווייגן. דער טשוויטשער מיט'ן קנאַק רופן זיך תיכף אָפּ אין אַנדער זייט, פונקט ווי אַ סיגנאַל, וואָס ווערט איבערגעגעבן פון איינעם צום צווייטן. נאָכ'ן סיגנאַל ווערט ווידער שטיל מיט יענער אָנגעשטרענגטער און סודות'פולער שטילקייט, וואָס נעסטיקט זיך שטענדיק אין אַ גרויסן געדיכטן וואַלד, אָדער אין אַ הייליקן אָרט, וואו עס שטייען אַסך מענטשן מיט פאַרפרעסטע ליפּן און שווייגן.

פונ'ם האַרטן וואַלד-גראָז קוקן-אַרויס ווי פאַרוואונדערט קליינע ווייסע בלימעלעך פונקט ווי שנייעלעך, און משה'לע הערט, ווי דער טאַטע רופט זיך אָן צו די נייגעריקע יינגלעך:

— פון דידאָזיקע בלימעלעך, קינדער, וועלען שפעטער ווערען יאַגדעס... רויטע יאַגדעס...

## פינפטער קאפיטל.

אריין טיפער אין וואלד, בלייבט משה'לעס טאטע שטיין צוזאמען מיט די קינדער. ער קוקט זיך לאנגזאם ארום, נעמט אראפ דאס היטל און ווישט זיך איבער דעם שוויס פון שטערן. פון זיין אטעמען איז קענטיק, אז ער איז מיד: אויפ'ן האלדז, הינטער דער בארד, צוקן אים אנגעצויגענע אדערן, אבער אין די אויגן און אין די וואנסן שפילט אים א שמייכל. פלוצלינג גיט ער זיך א בויג-אויס מיט די הענט צו דער ערד, ציט צוזאמען די קני און גיט א פאל אינ'ם שמעקעדיקן וואלד-גראז, נעבן א דיקער הויכער סאסנע.

—אי, גוט, קינדער, אי, גוט אין וואלד...—רעדט ער ארויס פונ'ם גראז און שמייכלט מיט א מאדנעם שמייכל, ווי א קינד, ווי גאר א ווייכער מענטש, אפילו ווי א מאמע, און זיין פנים ווערט אים אינגאנצן געענדערט.

די קינדער לייגן זיך אויס ארום אים, ווי קליינע בערג-לעך ארום א העכערן בארג. די בעקלעך פלאמען, די אייגלעך ברענען, די שטערנדלעך פארשוויצט. אויפ'ן האלדז, אויף די

הענט און פיס—שטויב פון וועג, נאָר זיי ליגן גליקלעכע און
ווילן שטיפן. משה׳לע לייגט זיך אויף אַוועק, עטוואָס אין דער
זייט פון עולם, איג׳ם האַרטן שמעקעדיקן וואַלד-גראָז, מיט׳ן
פנים אַרויף, די פיס אויסגעצויגן און די הענט פאַרלייגט הינטער׳ן
קאָפּ. אַ זיסע מידקייט צעגיסט זיך אים איבער די גלידער
און עפּעס אַ גאַנצקייט פילט ער אין גוף, אַ גאַנצקייט פון קאָפּ
ביז די פיס. אַ ווײַלע בלייבט ער אָן געדאַנקען, איבערגעבנדיק
זיך דערדאָזיקער זיסער מידקייט, דערנאָך הייבט ער ווידער אָן
קוקן. אויף דיביימער און אויף די גאָלדענע שטראַלן-נעצן,
וואָס רוקן זיך סודות׳דיק איבער׳ן וואַלד, און אויף די רעדעלעך
הימל, וואָס ברענען מיט אַ בלאָען פלאַם הויך איבער די סאָסנעס.
מען קאָן שעה׳נווייז לאַנג קוקן אויף אַלץ און נישט מיד ווערן.
און אַז מען קוקט לאַנג אויף דעם אַלעם דאַכט זיך, אַז מען
ווערט אויך אַ בוים, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן הויך איבער
דער ערד און שטייט מיט אַלע ביימער צוזאַמען אונטער דער
זון. און דערנאָך ווערט וואונדערלעך שטיל אויף דער נשמה
און די בלוטן, מען ווערט צוריק אַ מענטש, די אויגן מאַכן זיך צו
און מען פילט זיך אַזוי זיס איינגעצוויגט. פונקט ווי אין ווייכע
זיידענע וואָלקנס... און די ערד ליגט שוין נישט אַזוי ווייט און
נידעריק פון הימל. פאַמעלעך דערהייבט זי זיך צו אים און זיי
צעקושן זיך.

משה׳לע געדענקט נישט, ווי לאַנג ער האָט געהאַלטן צוגע-
מאַכט די אויגן און וואו איז ער געווען פאַר דערדאָזיקער צייט.
אָבער שפירן שפירט ער, אַז דאָרט, וואו ער איז געווען מיט
צוגעמאַכטע אויגן, האָבן געפלאַטערט גאָלדענע שטראַלן און
זונען האָבן געשמייכלט און ווייטע בלאָע שטערנדלעך האָבן
געטאַנצט און פרייע ברייטע הימלען האָבן זיך געוויגט. און
נאָכאַמאָל ווײַל ער עס איבערלעבן אין די זכרונות, נאָר דער
וואַלד לאָזט נישט. מען מוז קוקן אויפ׳ן וואַלד, אויף אָט די
מענגעס גייענדיקע ביימער, אַרום וועלכע עס פליסט די שטיל-
קייט, ווי אַ ברייטער טיפער טייך. מען מוז קוקן אויף זיי און
ווערן אויך אַזוי, ווי זיי. מען מוז אויך ווערן אַ בוים. נאָר

וואוהין גייען זיי? וואוהין גייען די געוואַלטיקע מענגעס ביי-מער אין אַזאַ שטילשווייגן? אַלץ גייט: דער הימל גייט, דיביימער גייען, די גאָלדענע שטראַלן גייען, די טונקעלע שאָטנס רוקן זיך, און דאָך איז אַלץ אַזוי שטיל און פאַרגליווערט, פונקט ווי קיין איין זאַך וואָלט זיך נישט באַוועגט.

באַוועגונג אין שטילקייט און שטילקייט אין באַוועגונג, און עס איז שווער צו וויסן, ווער פון די ביידע איז שטאַרקער: פאַר'ן אויג — באַוועגונג, פאַר'ן אויער — שטילקייט. און די הויכע שלאַנקע סאָסנעס שפּאַנען ווי ריזן אייגע אונטער די אַנ-דערע אין רויטע העמדער מיט גרינע מיצן אויף די קעפּ ווי אַן אומבאַקאַנט פאָלק, וואָס לעבט נישט צוזאַמען מיט די מענטשן אויף דער ערד, און עס דאַכט זיך, אַז זיי שפּרייזן איבער מיט ברייטע טריט איבער משה'לעס טאַטן מיט די ייִנגעלעך, וואָס ליגן אַרום אים.

נישט ווייט פון משה'לען שטייען צוויי ביימער אַרומגענומען, געוויקלט און געטוליעט איינער צום צווייטן. איין בוים איז אַ העכערער, דער צווייטער — אַ קלענערער, און דער קלענערער ליגט אין די אָרעמס פון דעם העכערן. משה'לע קוקט אויף זיי און קאָן בשום אופן נישט געדענקען, צו וועמען זיי זענען ענלעך. עפּעס אַזוינס האָט ער שוין געזען, אָבער ווען און וואו געדענקט ער נישט. ערשט נאָך אַ לאַנגן טראַכטן און אָנשטרענגען דעם זכרון דערמאָנט ער זיך, אַז אַזוי האָט ער טיילמאָל געזען גייענדיק אַ בחור מיט אַ מיידל אין גאַס. דער בחור איז געווען העכער, דאָס מיידל נידעריקער און זי האָט זיך געטוליעט אין זיין אָרעם.

אָבער פאַראַן אויך טויטע ביימער, ווי טויטע מענטשן. די ליגן אויף דער ערד, פאַרטריקנט און פאַרוועלקט, אין אַן אומבאַ-האָלפענער פּאָזע: קענטיק, גלייך פון אָרט געפאַלן און מער וועלן זיי זיך שוין קיינמאָל נישט אויפהייבן. אַמאָל ליגט טויט אינ'ם גראָז אַ גרויסע לאַנגע סאָסנע. און אַז מען קוקט אויף איר, באַ-פאַלט עפּעס אַ רחמנות... דאָס אומבאַוועגלעכע ליגן איז אויך אַזוי שרעקלעך, ווי דאָס ליגן פון אַ טויטן מענטשן. פון וואָס איז גע-פאַלן דערדאָזיקער בוים? האָט אים עמעץ אומגעוואָרפן אָדער ער

איז קראַנק געווען? דער טאַטע זאָגט, אַז ביימער ווייסן אויך פון קראַנקהייטן, פונקט ווי מענטשן. אָבער די ביימער קוקן נישט אויף זייער געפּאַלענעם ברודער. זיי שפּאַנען זייער וועג און באָדן פריילעך די קעפּ אין די וואַרעמע גאָלדשטראָמען פון דער זון.

און משה׳לע פילט, אַז דער רייך פון וואַלד איז איבער זיין שכל, אַז דער וואַלד האָט אַזאַ כּישופ׳דיקע מאַכט, וואָס לאָזט זיך נישט דערקלערן, ווי עס לאָזט זיך נישט דערקלערן, פון וואַנען שטאַמט גאָט. און עס קומט אים אויפ׳ן זכרון דער מערדער ריכאַרד און זיין באַנדע, וואָס הויערן טאָג און נאַכט אין די וועלדער, און עס ווערט אים קשה, ווי אַזוי קאָן מען לעבן אין אַ וואַלד און זיין אַ שלעכטער מענטש, אַ מערדער? ווי אַזוי קאָן מען איינאָטעמען די לופט אין וואַלד און וועלן בעת מעשה עמעצן שלעכטס טאָן? און ער באַשליסט ביי זיך, אַז ווען ער וואָלט איצט אָנבאַגעגנט דעם שרעקלעכן מערדער ריכאַרד, וואָלט ער זיך פאַר אים נישט דערשראָקן, וואָרום דאָ, צווישן די גוטע ביימער, וואָלט אים ריכאַרד זיכער גאָרנישט געטאָן.

— אַז איך וועל זיין אַ גרויסער, — טראַכט משה׳לע, — וועל איך דאָ אויסבויען אַ קליין הייזעלע און וואוינען צוזאַמען מיט... שיינדעלען. און אַלע טאָג וועל איך אויפשטיין פרי אין זען, ווי עס גייט-אויף די זון.

און דערדאָזיקער געדאַנק טראָגט משה׳לען אַוועק ווייט אין עתיד אַריין און ער זעט זיך ווי אַ גרויסער שטאַרקער מענטש, וואָס וואוינט אין אַ שיין הייזעלע אין וואַלד. דאָס הייזעלע האָט קליינע ליכטיקע פענסטערלעך, און אַז מע קוקט אַרויס פון איין פענסטערל, זעט מען, ווי עס גייען אָן אויפהער מענגעס ביימער, אויבן באַגאָסן מיט גאָלדענער זון, ווי מיט קרוינען. און עס ווערט אים אַזוי לייכט, אַזוי העל און אַזוי האַרציק-גוט אויף דער נשמה, אַז אַ פייכטקייט טרעט אים-צו צו די אויגן, און, אַ פאַרשעמטער, אַ פאַררויטלטער, פאַרבאָרגט ער דאָס געזיכט, פונקט ווי עס וואָלט זיין אַ זינד צו פילען זיך אַזוי גוט.

— ר׳ שמעון, ביימער רעדען?... פרעגט אַ יינגעל משה׳לעס טאַטן.

— ביימער רעדן, מיין קינד... — הערט משה׳לע דעם טאַטנס ענטפער, און דער קול זיינער איז אַזאַ געלייטערטער, אַזאַ ריי־נער, פונקט ווי ביי אַזאַ איינעם, וואָס האָט קיינמאָל נישט גע־לעבט צווישן בייזע מענטשן אין אַן אָרעמער גאַס.— ביימער רעדן און גראָז רעדט און וואַסער רעדט, נאָר שטיינער שווייגן...

— אָבער ווער פאַרשטייט זייער לשון?...

— דער, וואָס האָט זיי ליב...

די ייִנגעלעך פאַרקוקן זיך אויף די ביימער און פרוּוון באַ־גרייפן דעם ענטפער.

— ביימער, — זאָגט ווייטער דער טאַטע, — רעדן אויף דעם שטילסטן לשון. אָבער אין שטורם שרייען זיי... אין אַ שטורם ווע־רען זיי בייז, די ביימער...

— און אַזוי זענען זיי גוטע?

— גוטע, גוטע, מיין קינד... — און דער טאַטע פאַרטראַכט זיך עטוואָס: — בעסערע פון מענטשן...

דער טאַטע שמועסט לאַנג מיט די קינדער, און פאַמעלעך טוט־אויס דער טאָג פון זיך דאָס גאָלד. ברייטער און ברייטער ווערן די שאָטנס אין וואַלד, און די רויטלעכע שטראַלן אויף די ביימער פלאַטערן נאָר אויף איין זייט שטאַם. די אַלע גאָלדענע שטראַלן פאָרן, קענטיק, אַוועק אויף דערנאָכט אַהיים. דאָרט, ווייט, טיף אין וואַלד, האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט. דאָרט ברענט און גליט אַ פייערדיקע רויטקייט מיט צעשפרייטע גאָלדענע סטענ־געס, און די ביימער, שוואַרצע און פאַרכישופ׳טע, שטייען אין איר ווי אין פייער. מחנות גאָלדענע שטראַלן זענען געקומען אַהין, זיך איבערגעסאָן אין רויטע העמדער און פאָרן אַהיים שלאָפן. זיי פאָרן פריילעכע, שפּילנדיקע, און אַז מען זאָל פון דאָסניי צו־מאַכן די אויגן, דאַכט זיך, אַז זיי זינגען שטיל און לאַנגזאַם, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך מיט עמעצן פון דערווייטנס געזעגנט. גוט איז איצט צו זיין אַ רויטער שטראַל און, זינגענדיק, אַוועק־פאָרן שלאָפן אין הימל אַריין צוזאַמען מיט אַ מחנה שטראַלן. נאָר אין דער אַנדערער זייט וואַלד איז שוין רעכט טונקל און די טונקלקייט איז אַ בלאָע, פונקט ווי אַ רויך וואָלט זיך געשפרייט

צווישען דיביימער. גנב׳יש און אָן אַ שום קלאַנג שליסן זיך שאָ-טנס צו שאָטנס, שאָטנס צו שאָטנס. און פון די ביימער רייסן זיך אָפּ די לעצטע רויטע שטראַלן און פאַרשווינדן, פּונקט ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט צו פאַרבלייבן מיט די שאָטנס.

די קינדער וויקלען-פונאַנדער זייערע קליינינקע פעקעלעך און זעצן זיך עסן. זיי גיבן אויך משה׳לען פון זייערע פעקעלעך, אָבער משה׳לען שמעקט נישט דאָס עסן איצט. עס פאַרכאַפּן אים ביידע זייטן וואַלד: איין זייט שטייט אין פייער, די צווייטע אין בלאָליכן שאָטן. און עס דאכט זיך, אַז זיי גייען איינע צו די אַנ-דערע: פייער גייט צו שאָטן און שאָטן גייט צו פייער, נאָר דער שאָטן איז שטאַרקער און די ביימער וויקלען זיך אין אים ווי אין טונקעלע מאַנטלען און נעמען-אָן טויזענטער געשטאַלטן: דאָ ווערן זיי הויך ביז׳ן הימל, דאָ נידעריק און געבויגן, און דאָ גיסן זיי זיך צוזאמען אין אַ שוואַרצער וואַנט מיט שפּעלטעלעך הימל.

טיילמאָל נעמט אַן איינצלנער בוים און מאַכט סתם משוגה׳-דיקע תנועות, ווי אַ צעלאָזט יינגל: שטעקט-אויס אַ צונג, פאַר-קרימט די נאָז, גלאָצט מיט די אויגן, פאַרבייגט אַ פוס און שפּרינגט ווי אַ הינקעדיקער, אָדער ער מאַכט זיך פאַר אַ האָרבאַטן בעט-לער, וואָס ציט-אויס די האַנט נאָך אַ נדבה. און ערשט איצט דער-שפּירט משה׳לע, אַז אַ וואַלד האָט אין זיך שרעק...

— אָבער אַז איך וועל זיין אַ גרויסער, וועל איך זיך נישט שרעקן... — באַשליסט משה׳לע ביי זיך און הייבט זיך-אויף אויף די פיס.

די טונקלקייט וואַקסט אין די אויגן. דער פאַרנאַכט לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, ווי אַן אומגעהויער גרויסער טונקעלער פויגל מיט אומענדלעכע פליגלען, און ער פאָכט מיט זיי קיל און ברייט אונטער דעם מידן הימל. און דאָרט, אויף דעם מידן הימל לעשט זיך דער לעצטער שמייכל פון טאָג. די ווייס-גראָע וואָלקנ-דלעך, וואָס בלאָנקען-אַרום אָן אַ תכלית, פאַרקערט עמעץ אויפ׳ן הימל אין לאַנגע פאַרטראַכטע וואָלקנדלעך-שורות און טרייבט די-דאָזיקע שורות צום הימל-ברעג. מען רייניקט, מען פיילט און מען פוצט איצט דעם הימל. מיליאָנען אומגעזעענע הענט טוען די-דאָזיקע

אַו״בייס, און אָט ווערט דער הימל טונקעל־בלאָ, ווי בלאָ גלאָז, און עס פילט זיך, אַז ער טראָגט שוין אין זיין זיידענעם בוזעם נייע, גאָלדענע, נאָר־וואָס אויסגעשליפטע לאַכענדיקע שטערנ־דלעך...

אָבער משה׳לע קוקט זיך אַרום אין וואַלד, און אים דאַכט זיך, אַז נעבן יעדן בוים וואַקסט־אויס אַ פאַרבאָרגן שטיל באַשע־פעניש, וואָס לויערט אויף עמיצן מיט שאָטנדיקע אויגן. דידאָזיקע באַשעפענישן קוקן זיך איבער, באַוועגן זיך מיט אַ שטילן שאָרך און האָבן אַ שייכות צום מערדער ריכאַרד, וואָס מוז געוויס גיין אַהער מיט זיין באַנדע גזלנים.

— הוק... דערטראָגט זיך אַ טונקעלער קנאַק פון די ווייטע ביימער. — הוק... הוק...

— צאָלל! — שרייט אויס אַן אומבאַקאַנטער פויגל סאַמע איבער׳ן קאָפּ, און אויף אַ ווייטן בוים ענטפערט אים אַ צווייטער.

— פּלי... פּלי... פּלי... — וואָרקעט עפּעס אַ ווילד פאַלש פּיי־געלע אין אַן אַנדער ווינקל וואַלד.

— דער וואַלד שרעקט... קומט משה׳לען פון דאָסניי אויף דער מחשבה. דאָס האַרץ טוט אים עפּעס אַ צאַפּל, און אים דאַכט זיך, אַז ער וועט באַלד דערזען ריכאַרד׳ן.

נישטאָ מער קיין שטראַלן אין, וואַלד. אַ וואַרעמע פינ־סטערניש רוקט זיך מיט אויסגעשפרייטע אָרעמס און וויל אַלץ שטיל און גנב׳יש אַרומנעמען און אונטער איר רוקן זיך פּאַוואָליע די מאָדנע באַשעפענישן, וואָס קוקן מיט טיפע שאָטנדיקע אויגן.

משה׳לעס טאַטע הייבט זיך־אויף פון גראָז מיט אַ שטיק וואַלד־פינסטערניש אויפ׳ן פנים און גיט אַ רוף די קינדער אין וועג אַריין. פון זיינטוועגן האָט מען אפילו געקאָנט אַ גאַנצע נאַכט פאַרברענגען אין וואַלד, אָבער ער פאַרשטייט, אַז די קינדער שרעקן זיך עפּעס און ער איז זיך מכין אַוועקצוגיין. די קינדער רינגלען אים אַרום און נעמען אים אָן פון ביידע זייטן פאַר די הענט. ער מאַכט דעם ערשטן טריט, און אין דערפינסטער דאַכט זיך, אַז ער טראָגט צוויי שווערע שוואַרצע זעק אין ביידע הענט. אָבער עס איז אָנגענעם אַרויסצוגיין פון וואַלד אין דערפינסטער, ווען די

ביימער גייען־צו צו דער נאָז אומבאַמערקטערהייט, און קלאַפּן זיך לייכט אָן, פּונקט ווי זיי וואָלטן געמאַכט אַ שפּאַס, און אויבן, אויפ׳ן בלאָען הימל, פינטלען און טאַנצן זייערע שפּיצן.

צו־נאַכט ווערט געדיכטער די וואַרעמקייט און דער ריח פונ׳ם טרוקענעם וואַלד־גראָז, וואָס קנאַקט אונטער די פיס, פּונקט ווי ער וואָלט געלאַכט, און דערפון שווינדלט עטוואָס דער קאָפּ, ווי פּסח נאָכ׳ן סדר אָדער ווי פּאַרטאָג נאָך אַ חתונה. דער געדיכטער וואַלד־ריח פילט־אָן גישט בלויז די לונגען, נאָר אויך דעם קאָפּ, די הענט און פיס, ער שפּרייט זיך אויך אין בלוט, און עס דאַכט זיך, אַז מען איז אַ טייל פון וואַלד און מען טראָגט אין זיך דאָס שווייגן פון די ביימער און די טונקלקייט פון דער לופט.

אָבער משה׳לע געדענקט נישט, ווען ער איז אַרויס פון וואַלד. עס דאַכט זיך, אַז דער וואלד איז מיט אים מיטגעגאַנגען סאַמע ביז דער שטאָט. ער האָט דעם וועג צוריק נישט געזען: פעלד פון איין זייט, פעלד פון דער צווייטער זייט, אויבן אַ קילער פרילינגס־הימל, וואָס לעשט פאַמעלעך אויס די לעצטע פאַרנאַכט־רויטקייט, און אַ בלאסער וועג, וואָס לויפט פאָראויס ווי אַ נעפּלדיקער טייך. אין די יונגע תבואות שלאָפט שוין דער ערשט־געקומענער אָוונט, אַרומגענומען מיט וואַרעמע גראָע נעפּלען, און אַ שטילקייט איז צעגאָסן פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטן.

משה׳לע שטעלט ברייטע טריט. פון די מחשבות, פון נישט עסן און פון גיין אַזויפיל צופוס ווערן אים שאַרפער די געזיכטס־שטריכן, און אין דעם אָוונט־ליכט זעט ער אויס יונג און אַלט צו־זאַמען. צייטענווייז קלאַפּט זיך אים אָפּ אָן שטערן אַ גרויסער שוואַרצער זשוק, ווי אַ האַרט שטיינדל, און רייסט אים איבער די מחשבות, און אַז ער לאָזט־אַראָפּ די אויגן, זעט ער, ווי פון אַ וועג־גרעזל פאַלט־אַראָפּ אַ ליכטיק טראָפּעלע טוי, ווי אַ ווייס פּיִערל, און אויפ׳ן בלאַסן שטויב ווערט דערפון אַ שוואַרץ פינטעלע.

און אָט הייבט זיך־אויף אין דערפינסטער די שטאָט, די אַלטע גרויסע שטאָט, מיט די באַקאַנטע געסלעך און גאַסן, מיט די פאַרשלאָפענע ווייבער און יידן, מיט׳ן שווערן שטויב, מיט די געלע פייערלעך, מיט׳ן נמאס׳דיקן גערויש פון פורן, מיט דער

איינגער דושנער לופט און מיט די קוויטשיקע געשרייען פון קינ-
דער. און אַט איז ווידער די לאַנגע טאָטערשע גאַס מיט די גראָע
פאַרקאַנעס און קליינע הייזעלעך, מיט די וויסטע אומעטיקע קרעמ-
לעך און צעבראָכענע גאַס-לאַמטערנעס, וואָס ברענען קיינמאָל
נישט; און נאָך דעם פרייען גרויסן וואַלד, וואָס איז געבליבן ער-
געץ פון הינטן, ווי אַ לעבעדיקער מענטש, דערשפּירט איצט
משה'לע, אויף דער לאַנגער אָרעמער טאָטערשער גאַס עפּעס אַ
טיפן שטאָך אין האַרצן און עס ווילט זיך כמעט ווי וויינען.

אַז זיי גייען אַרויף אויפ'ן הויף, ברענען שוין גאָלדענע צי-
טעריקע קליינינטשקע לעמפּעלעך אויפ'ן טונקעלן אָוונט-הימל.
אַפנים אַז דאָרט אויפ'ן הימל איז איצט אַ פּאַראַד, אַ באַל, אַ
גרויסער יום-טוב, און מלאכים מיט ווייסע פליגלען אויפ'ן רוקן
באַוועגן זיך לייכט און שטיל אַרום לאַנגע ווייסגעדעקטע טישן...
נישט אומזיסט ברענען אַזוי העל דידאָזיקע לעמפּעלעך און נישט
אומזיסט זענען זיי אין אַזאַ גרויסער צאָל צעזייט און צעשפּרייט
איבער אַלע ווינקעלעך פון הימל. איבער'ן הויף אָבער דרייען זיך
אַרום ייִדן מיט אָפענע הערצער, ביי די שוועלן זיצן מידע ווײַ-
בער און זייגן קינדער, אין די פענסטער קוקן געלע פייערלעך
פון פאַררויכערטע קליינע לעמפּעלעך, אויף אַ גאַנעק מיאַאוקעט אַ
הונגעריקע קאַץ און אַ קליין ייִנגל מיט אַן אַרויסגעשטעקט העמדל
פון די הייזלעך, קויקלט פאַר'עקש'נט אַ רייף אין דער פינסטער
און פאַלט פלוצלינג אַנידער צוזאַמען מיט'ן רייף.

נאָר אָט איז שיינדעלע. זי וואַקסט פלוצלינג אויס אויפ'ן
הויף, ווי אַ באַוועגלעכער שאָטן, און אינדערפינסטער ליגן איר
די אויגן אויפ'ן בלאַס פּנים'ל, ווי צוויי שוואַרצע פלעקען.

— משה'לע! — גיט זי זיך אַ ריס פאָרויס און כאַפּט אים אָן
ביי די הענטלעך.

— איך בין געווען אין וואַלד, שיינדעלע... — רוימט ער
איר איין אויפ'ן אויער און ביידע קינדער קוקן זיך אָן שטום, טיף
און לאַנג.

— משה'לע — לאָזט זי אַראָפּ די אויגן-גלעקן — פאַרוואָס
האָסטו מיך נישט מיטגענומען... ביזט אַ שלעכטער...

שטאַמלט משהלע: דער טאַטע!... — ער וועט מיך נישט מיט־
נעמען, האָב איך געמיינט...

אָבער שיינדעלען באַרוהיקט עס נישט. זי האַלט נאָך אַלץ
אַראָפּגעלאָזט די אויגן און דאָס גאַנצע פיגורל אירס דריקט־אויס
אָנגריף און פאַרדרוס.

— דו האָסט מיך געקאָנט אַ רוף טאָן... דו ביזט אַ שלעכ־
טער... — זאָגט זי מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פונקט ווי זי וואָלט
גערעדט צו דער ערד.

— שיינדעלע...

— ניין, דו ביזט אַ שלעכטער...

— איך וועל דיך ווייטער מיטנעמען, שיינדעלע... — פאַר־
ענטפערט ער זיך ווייך. — נאָר דו ווייסט? — בייגט ער זיך אָן צו
איר און זאָגט מיט אַ טאָן פון אַ סוד — פאַרנאַכט שרעקט דער
וואַלד...

דאָס וואָרט ש ר ע ק ט דערנענטערט זיי ביידן, שיינדעלע
פאַרגעסט באַלד די באַליידיגונג און ציט אים פאַר'ן הענטל צו
איר אין שטוב אַריין, און משה'לע גייט איר נאָך, ווי אַ בלינדער.

און ביי שיינדעלען אין שטוב איז ליכטיק און ליב און
היימלעך, עס שמעקט מיט ערשט־געבאַקענעם ברויט, פון ערגעץ אַ
ווינקל קוקן־אַרויס פּאַיעס אויגן מוטערלעך און האַרציק און פון
הינטן וואַקסט־אויס דער משוגענער ברודער, פלוצלינג און אָן אַ
שום שאָרך, מיט אַ צעגאָסענעם שמייכל אויפ'ן פּנים און ער
מורמלט ווייך און שטיל זיין שטענדיק מורמלען:

— איז אַז איז... איז אַז איז...

און פון ערגעץ שווימט־אָן פּאַיעס גוטער גלעטנדיקער קול:

— זעץ זיך, מיין משה'לע, צום טיש. מיר וועלן באַלד אַלע
עסן. איך האָב פאַר דיר אַ גוטע זאַך...

אָבער ביז וואַנען מען גייט צום טיש, גייט משה'לע מיט
שיינדעלען אין יענעם קאַמערל, וואו בייטאָג זעט מען פון פענס־
טער כמעט אַלע דעכער פון שטאָט. דאָס איז אַ געמיש פון אַסך דע־
כער צוזאַמען מיט שפיצן פון קלויסטערס: הויכע און נידעריקע,
ברייטע און שמאָלע, פאַרשפּיצטע און פלאַכע. סאַמע אין דער־

מיט שטאָט הייבט זיך הויך און שטאָלץ דער קופּאָל פון גרויסן בית־מדרש, און רעכטס, אויף אַ בערגל, קוקט פעסט, טרוקן און האַרט די ווייסע טורמע מיט די קליינינטשקע אַריינגערוקטע פענ־סטערלעך און מיט די פיר קיילעכיקע טורמס ביי אַלע פיר זייטן. נאָר איצט זענען אַלע הייזער צונויפגעגאָסן אין איין הויז, וואָס ליגט אונטער׳ן פענסטער, ווי אַ טונקעלער באַרג און פינטלט מיט טויזנטער פייערן, ווי מיט אויגן.

ביידע קינדער שטעלן זיך ביים פענסטער, און משה׳לע לייגט־אַוועק אַ הייסע באַק אויף שיינדעלעס שמאָלן אַקסל. ער מאַכט־צו די אויגן און זעט פון דאָסניי די גייענדיקע ביימער פון וואַלד און די פאַסן גאָלד וואָס שפּילן מיט די שאָטנס. דאָס אַלץ קומט־אויס אין דמיון שענער, העלער און ציענדיקער, און עס גלויבט זיך שוין נישט מער, אַז דער וואַלד האָט געקאָנט שרעקן. און קליין ווערט אין דמיון דער וואַלד אַזוי, אַז מען וואָלט אים געקאָנט נעמען אויף דער האַנד און אַוועקטראָגן.

— משה׳לע... — רופט שיינדעלע שטיל.

— וואָס, שיינדעלע?...

— גלאַט אַזוי...

— משה׳לע...

— וואָס?

— איך בין שוין נישט בייז...

— נו, זעסטו...

— אָבער...

— שיינדעלע, — שלאָגט ער איר פּלוצלינג איבער, — אַז מיר וועלן זיין גרויסע, וועלן מיר וואוינען אין אַ וואַלד... מיר וועלן האָבן אַ קליין הייזעלע מיט פענסטערלעך... די ביימער וועלן רוישן און אַריינקוקן צו אונדז אין די פענסטערלעך אַריין... הויכע, רויטע ביימער... און אויפשטיין וועלן מיר פרי... געפעלט דיר?

— יאָ, געפעלט...

— און נאָר מיר אַליין וועלן וואוינען... הערסטו?

זי לייגט צו איר שטערן צו זייַנעם און פרעגט זייער קינדיש:

— און איך וועל זיין דיין ווייב?...

— און דו וועסט זיין מיין ווייב... — זאָגט משה׳לע און פאַרזינקט נאָך טיפער אינ׳ם קלייניטשקן דמיון־וואַלד.

— אָבער, משה׳לע, ווען וועלן מיר זיין גרויסע?...

נאָר משה׳לע ענטפערט נישט. פון אונטער די פיס רוקט זיך אים אַוועק די פּאָדלאָגע, און אים דאַכט זיך, אַז ער שווימט איבער אַ גרויסן ליכטיקן שטח צווישן טויזנטער פייערן און פאַרבן, און ביי די זייטן רוישן אַלטע רויטלעכע סאָסנע־וועלדער, און אינ׳ם רוישן פון די וועלדער פילט ער אַ שפּראַך, וואָס ער הייבט ערשט אָן צו פאַרשטיין. דער טאַטע איז גערעכט: וועלדער האָבן זייער לשון. און אַ מאָדנע זאַך: אַזוי, מיט אַזאַ טאָן, דאַכט זיך משה׳לען, באַדאַרף רעדן גאָט. דער לשון פון וואַלד, דאָס איז דער לשון פון גאָט.

אַלעמאָל, בשעת משה׳לע זיצט ביי שיינדעלען אין שטוב, לויפט זייער שנעל די צייט, פונקט ווי פאַר דערדאָזיקער שטוב וואָלט אַ באַזונדער צייט געווען — אַ קורצע, אַ האַסטיקע, אַ שנעלע, און אָט געפינט זיך שוין משה׳לע אויף זיין געלעגערל און קוקט מיט אָפענע אויגן אין דער דושנער פינסטערניש אַריין.

דער טאַטע לייענט היינט נישט, און משה׳לע קאָן נישט איינשלאָפן: דער וואַלד, דער גרויסער אַלטער סאָסנע־וואַלד האָט איבערגעגעבן דעם יינגל איינעם פון זיינע סודות און דאָס יינגל פאַרבלייבט שוין אויף אייביק אין זיין מאַכט, פונקט ווי אין דעם מעשה׳לע מיט דער פרינצעסין, וואָס האָט אויף אייביק פאַר׳כישופ׳ט אַ יונגן פרינץ. משה׳לע קאָן זיך שוין מער קיינמאָל נישט באַרוהיקן. ער טראָגט שטענדיק וואַלד־ווייי אין זיין האַרצן און אַז ער דערזעט אַ סאָסנע־בוים און דערפילט פון וועיטן דעם ריח און די באַוועגונג פון אַ וואַלד, פאַרגעסט ער אָן דער גאַנצער

וועלט און אָן זיך און ער דערפילט זיך באַלד ווי אַ קליין טײַלכעלע פונ׳ם גרויסן ריז, ווי אַ בוים צווישן ביימער, און פאַר־שטייט און שפירט דעם לשון פון וואַלד, פונקט ווי ער וואָלט זיך מיט אים צונויפגעגאָסן אויף אייביק.

## זעקסטעס קאַפּיטל.

אַ לײדיק װײבעריש פּנים אָהן ברעמען מיט אַ גראָ שיטער בערדל, װאָס װאַקסט בלױז אױפ'ן האַלדז; ברײטע שיטער-הױ־טיקע באַקן, װאָס טרײסלען זיך אין גאַנג; קלײנע שטאַרע אײגלעך, װי צװײ גראָע פאַרדװיכערטע גלעזלעך, טיף אַרײנגע־שטעלט אונטער'ן שטערן; אַ נאַקעטער קאָפּ אָן האָר מיט אַ הױכן שטערן, צעאַקערט אין קנײטשן, מיט שװאַרצע שנירעלעך בלאָטע אין דידאָזיקע קנײטשן; אַ נאָז װאָס זיצט אױפ'ן פּנים, װי אַ קלײן װענטל אָדער װי אַן אָפּן טירל אין אַ שאַפע און איז אומעטום אײן ברײט און אײן לענג; אַן אַלטער אָפּגעבליאַקירטער מאַנטל, װאָס טויג זיך סײ װינטער, סײ זומער; גרויסע קלעצעװדיקע שטיװל, װאָס זעען־אױס װי געמאַכט פון בלעך: אַ גרױסער כוקעװאַטער שטעקן אין אַ ברײטער שװאַרצער האַנט דאָס אַלץ איז זלמן.

זינט משה'לע געדענקט זיך, געדענקט ער אױך זלמנ'ען. נישטאָ אַ ליכטיקער טאָג אָדער אַ בין-השמשות, אָדער אַן אָװנט אָן זלמנ'ען. דערדאָזיקער ייד האָט אַפילו זײן שטענדיק אָרט

וואו צו זיצן: אין ווינקל, ביים עק טיש, וואו עס איז פינסטער־לעך און וואו זיין ווייבעריש גראָ פּנים קוקט־אַרויס פון דאָרטן טויט און שווייגנדיק, ווי אַ מצבה.

זלמן האַלט, אַז שווייגן איז זייער אַ גוטע זאַך און אַז די צונג איז געגעבן געוואָרן צום רעדן בלויז דאָס סאַמע נייטיקסטע, דאָס סאַמע קירצסטע, ממש אַ פּאָר געציילטע ווערטער אַ טאָג, נאָר אויסער מעשה׳לעך. פאַר מעשה׳לעך באַדאַרף געמאַכט ווערן אַן אויסנאַם. וואָרום מעשה׳לעך זענען דאָס סאַמע נייטיקסטע, דאָס סאַמע וויכטיקסטע, אפשר בילכער פון עסן, פון טרינקען, אַזוי טייער ווי דאָס לעבן.

אונטער זיין הויכן טיף־געקנייטשטן שטערן נעסטיקן זיך טויזנטער העלע, זוניקע מעשה׳לעך וועגן בלאָע ים׳ען, וועגן ליכ־טיקע הימלען, וועגן גאָלדענע טעג, וועגן גן־עדן־פייגעלעך, וועגן שלאָפנדיקע פּרינצעסינס, וועגן שמייכלענדיקע קינדער, וואָס האָבן געהאַט ווייסע פליגעלעך אויפ׳ן רוקן און האָבן געקענט פליען פון די הימלען צו דער ערד און פון דער ערד צו די הימלען; וועגן פאַר׳כישופ׳טע אָקרענטן, וואָס האָבן געפירט דעם מזל פון דער וועלט און דער מזל האָט זיך אַרויסגע׳גנב׳עט און אין ים פאַרזונקען; וועגן א מיליאָן שמייכלען, וואָס אַ מלך האָט אַרויסגעפאָדערט צו ראַטעווען זיין בת־מלכה, און נאָך און נאָך און נאָך.

אָבער זלמן האַלט דידאָזיקע זוניקע אָדער האַרציק־טרויערי־קע מעשה׳לעך פאַרשלאָסן אין זיין נאַקעטן קאָפּ, ווי אין אַ טורמע און נישט גערן לאָזט ער אַרויס אויף גאָטס וועלט איינס אָדער צוויי פון זיי. ער האָט זיי ליב צו טראָגן מיט זיך, ווי אַ קאַרגער עושר זיינע גאָלדשטיק, פונקט ווי זיי וואָלטן, חלילה, וואָכעדיק ווערן און וואָלטן פאַרלוירן די פאַרבן דורכ׳ן דערציילן, אָדער זיי וואָלטן זיך שוין מער נישט אומגעקערט צוריק צו אים אין קאָפּ — אין זייער נעסט אַריין.

מעגלעך, אַז צוליב דידאָזיקע ליכטיקע מעשה׳לעך איז ער אַ שווייגער: ער הערט זיך איין און קוקט זיך־צו צו זיי, צו זייערע שפּילנדיקע רעגנבויגן־פאַרבן, פונקט ווי ער וואָלט איבער־

געדרייט די אויגן מיט׳ן זע־נערוו צו זיך אין קאָפּ אַריין און נישט צום דרויסן. ער באַוועגט זיי, שטעלט זיי איבער, פלעכט זיי צוזאַמען, מאַכט אין דמיון אַ זוניקע מעשה׳לע־זאַווערוכע, אַ גע־דרענג, אַ ליכטיקן שטורם־ווינד פון מעשה׳לעך ווי פון שנייעלעך — און ער וויל זיך אָט דעם תענוג נישט איבערשלאָגן דורך רייד מיט מענטשן. ער וויל זיך אויך נישט איבערשלאָגן דורך עסן. עסן האָט ביי אים אויך קיין באַטרעף נישט. דאָס האָבן מענטשן אויסגעטראַכט און דערנאָך קאַליע געמאַכט. אייגענטלעך איז גע־נוג פאַר אַ מענטש אַ גלאָז טיי, האָבן זיי אָבער גענומען און מסדר־געווען דעם טאָג אויף פרישטיקן, מיטאָגן און אָוונטברויטן. אַ גאַנצן טאָג האַלט מען נאָר אין איין עסן, טרינקען און רעדן אַזוי, אַז עס איז נישט אויסצוהאַלטן. וואו מען זאָל זיך נישט קערן און ווענדן, הערט מען שטענדיק אַ מענטשנס קול און וואו מען זאָל נישט וואַרפן אַן אויג, זעט מען נאָר מענטשן עסן. עסן און רעדן דאָס זענען די גרעסטע צוויי פעלערן, פון וועלכע מען וועט זיך שוין מסתמא קיינמאָל נישט קאָנען באַפרייען, כל־זמן די וועלט וועט זיין וועלט.

און זלמן עסט טאַקי נישט. פאַר אים איז גענוג אַ גלאָז טיי מיט אַ שטיקל צוקער פאַר אַ טאָג. טרינקט ער אויס אַ גלאָז טיי, זעצט ער זיך אַוועק אין אַ ווינקל און קוקט ווי פאַרגליווערט מיט זיין ווייבערשן, פנים אין שטוב אַריין, איינהערנדיק זיך ערגעץ אין זיך, דאָרט וואו עס טאַנצן די זוניקע מעשה׳לעך און פליען־אום ווי גאָלדענע פונקען אייגע איבער די אַנדערע.

אויב זלמן איז אויפגעלייגט און דערציילט נישט קיין מעשה׳לע, שפילט ער אויף אַ קעמל. ער שפילט מאַרשן, מיליטע־רישע מאַרשן, האַרטע, לאַנגע און שווערע, וואָס פּאַסן זיך גאָר נישט צו די חנ׳עוודיקע שמייכלענדיקע מעשה׳לעך. זיין שפילן דערמאָנט ווירקלעך אָן די קלאַנגען פון אַ מיליטערישן אָרקעסטער, אָבער דאָך איז עפּעס לעכערלעך, וואָס אַן אַלטער ייד בלאָזט מיט די באַקן און האַלט ביי די ליפּן אַ קעמל מיט אַ שטיקל דין פּאַפּיר. משה׳לע לאָזט דעמאָלט אַראָפּ די אויגן און שעמט זיך אים צו קוקן אין פנים אַריין.

— פּאַרשטייסטו נישט, וואָס אַ מאַרש איז... — זאָגט דער אַלמיער צום ייִנגל, זעענדיק ווי דעם ייִנגל נעמט נישט זײַן שפּילן.

— וואָס איז אַ מאַרש? — פֿרעגט משה׳לע.

— אַ מאַרש? — זאָגט זלמן און קוקט אים אָן אַ לאַנגע צייט אָן ווערטער, — אַ מאַרש איז גבורה... דו פֿאַרשטייסט?

צייטנווייז איז זלמנ׳ען שווער צו פֿאַרשטיין, ווי אַזוי איז עס שווער צו פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס איז אַ מאַרש גבורה. נאָר אַז מען בעט אים, ער זאָל פֿאַרטייטשן, ווײַל ער שוין גאָרנישט ענטפֿערן.

— דו ביזט אַ נאַר, פֿאַרשטייסטו? — און ער שטעלט·אָן די שטאַרע אויגן אויף׳ן מיטן שטוב מיט אַ מינע פֿון אַ בלינדן.

ער האָט ליב צו קאָקעטירן מיט זײַן קורצזיכטיקייט, און אויף׳ן זייגער, וואָס הענגט אויף דער וואַנט, קוקט ער דורך אַ רערל, וואָס ער מאַכט מיט דער האַנט, און זאָגט שטענדיק אַ פּאַר· קערטע שעה.

— שוין גאָר בלינד... שוין גאָר בלינד... קלאָגט ער זיך פֿאַר משה׳לעס מאַמען מיט הנאה און גאווה, — איך זע שוין גאָר· נישט... ווייסט, פּאַיע, ווען איך וואָלט געהאַט געזונטע אויגן, וואָלט איך נאָך געגאַנגען קיין קיעוו...

אין קיעוו האָט זלמן אַמאָל געאַרבעט סטאָלעריי. סטאָלעריי איז אייגנטלעך זײַן פֿאַך, אָבער ער אַרבעט קיינמאָל נישט. אין קיעוו האָט ער עפּעס יאָ אַ לענגערע צייט געאַרבעט און נישט שלעכט געלעבט. ערינערונגען פֿון קיעוו האָט ער אַסך, אָבער אַז ער דערציילט זיי אַמאָל, קומען זיי אויס ווי מעשה׳לעך און נישט ווי לעבן. זײַן קאָפּ איז שוין, וואַרשיינלעך, אַזוי געבויט געוועזן, אַז אַלץ איז דאָרט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין מעשה׳לעך, אפֿילו זײַן אייגן לעבן אויך. אין יענער צייט, דערציילט זלמן, האָט ער איינמאָל געגעכטיקט אַ גאַנצן חודש צייט אין אַ געדיכטן וואַלד, ווייט פֿון קיעוו, אויף׳ן שפּיץ פֿון אַ הויכן בוים, און איבער זײַן קאָפּ האָט אַלע נאַכט זיך אומגעדרייט אַ סאָווע. און אין אַ צווייטן פֿאַל האָט ער איינמאָל אַ כאַפּ געטאָן אַ ריזיקן קאַצאַפּ, וואָס האָט אים דערעסן, און אים שיר דערשטיקט. ביים קאַצאַפּ זענען

אַרויסגעשפּאַרט געוואָרן די אויגן און די צונג און ער האָט אויפ־געהערט צו אָטעמען. און דריי רובל האָט זלמן שטילערהייט באַ־צאָלט אַ פעלדשער, וואָס האָט אים אָפּגעראַטעוועט מיט הייסע אַרבעס.

אויף משה׳לען האָבן דידאָזיקע מעשיות געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, ווי אַלץ וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות צו דעמדאָזיקן ייד. נאָכדעם פלעגט אים שוידערן פון זיי און דער צעשפּילטער דמיון פלעגט אים נעמען מאָלן די שרעקלעכסטע סצענעס און בילדער, פאַרוועבט מיט זלמנ׳ס געשטאַלט.

פון זלמנ׳ס סטאָלעריי פלעגט משה׳לע געניסן פּורים אַ גראַ־גער און די מאַמע אַ וואַלגערהאָלץ. משה׳לעס טאַטע פלעגט נאָר פאַרבייגייענדיק, פון דער זייט, אַ קוק טאָן אויף זיי און פלעגט שטענדיק זאָגן איינס־און־דאָסזעלבע:

— דאָס האָט געמאַכט אַ פאַרטאַטש.

צו אַכט יאָר האָט שוין משה׳לע אומבאַוואוסטזיניק גע־שפּירט, אַז דער ענין פון שלאָגן המנ׳ען איז עפּעס נישט קיין אָנגענעמער. שלאָגן קאָן מען בלויז אַ לעבעדיקן און דאָס נישט אַלע יאָר, נאָר איין מאָל. ווי אַזוי־זשע אָבער שלאָגט מען אַ טויטן, אַ געהאַנגענעם, און נאָך אַלע יאָר דערצו?

און אויף זיין אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פלעגט ער שטילערהייט אַריינוואַרפן דעם גראַגער אין אויוון אַריין און זיך בעת מעשה קוויקן מיט׳ן פייער, וואָס פלעגט לאַנגזאַם אַרומלעקן דאָס האַרטע אָלכע־האָלץ.

פון אַלע דערוואַקסענע מענטשן אין שטוב איז זלמן דער איינציקער, וואָס גיט זיך אָפּ מיט משה׳לען, וואָס גייט מיט אים שפּאַצירן און דערציילט אים מעשה׳לעך. אין אַ געוויסן זין איז ער זיין מדריך, זיין דערציער, אָבער עס קאָן זיין, אַז דער ייד מיט׳ן ווייבערשן פּנים האָט אים עטוואָס קאַליע געמאַכט, וואָרום ער האָט אין אים פאַרשטאַרקט די אָנגעבוירענע נייגונג צו חלומות, צו מעשה׳לעך, צו איינזאַמע מחשבות און האָט געמאַכט אַ מחיצה צווישן אים און דער לעבעדיקער וועלט. ער האָט אים איינגעגעבן דעם פיינליכן געדאַנק, אַז אויף מענטשן איז נישטאָ וואָס צו קוקן, אַז רעדן און עסן זענען איבעריקע זאכן, און אַז אַ מענטש דאַרף

לעבן נאָר מיט זיך אַליין, איינזאַם, באַזונדער, אָפּגעטיילט און אָפּ־געשיידט פון אַלץ און אַלעמען. ער האָט אים צו־פּרי באַקאַנט גע־מאַכט מיט׳ן רייך פון דמיון, וואָס באַדאַרף זיין אַ לייכט און מחייה׳דיק שיפעלע אויף די קאַלטע גראָע וואַסערן פון לעבן; און דעריבער, אַז משה׳לע פלעגט טיילמאָל נישט קאָנען איינשלאָפן ביינאַכט און פלעגט קוקן מיט אָפענע אויגן אין דער דושנער פינסטערניש אַריין, פלעגט אים עפעס צוטרעטן צום האַלדז און אים פלעגט זיך וועלן וויינען. אים פלעגט זיך וועלן וויינען דע־רויף, וואָס עס איז דאָ אַזאַ גרויסער אונטערשיד צווישן לעבן און חלום, צווישן מענטשן און מעשה׳לעך: אַלץ, וואָס עס איז דאָ אין דמיון, איז ליכטיג און שיין, און אַלץ, וואָס מען קאָן זען מיט די אויגן, איז מיאוס און שלעכט. און דעמאָלט פלעגט ער שטומער־הייט בעטן גאָט. ער זאָל אים אָן ווייטאָק צונעמען צום ווייסן זיידן אברהם אבינו און צו דער וואַרעמער האַרציקער מוטער רחל — די סאַמע ליבסטע געשטאַלטן פון זיין הערצל — אויף יענער וועלט, אויפ׳ן הימל, וואו עס איז דאָ אַ גן־עדן מיט די שענסטע ביימער און די שענסטע זינג־פייגל און עס ווערט דאָרט געלעבט לויט׳ן דמיון. דאָרט איז דאָ בלויז דמיון, דאָס הייסט ליכט און שטראַלן, געזאַנג און שמחה, און אַלץ איז פאַרגאָסן מיט גאָטס שמייכל. קיין ערד איז דאָרט נישטאָ, און אָט די בקשה צו גאָט איז געווען איינער פון זיינע גרעסטע סודות, וואָס ער האָט אפילו שיינדעלען קיינמאָל נישט דערציילט, ווייל ער האָט דאָך גע־פילט, אַז אַ מענטש באַדאַרף בעסער וועלן לעבן, איידער שטאַרבן.

דער אַלטער האָט דעם ייִנגל געגעבן דעם שליסל צום דמיון — צו יענעם גאָלדענעם פּאַלאַץ, וואָס באָדט זיך אין אַ ים פון ליכט און פאַרבן, און דאָס ייִנגל איז פאַרבליבן דער טרייעס־טער דינער פון דעמדאָזיקן פּאַלאַץ. אָבער די ליבע פונ׳ם ייִנגל צום אַלטן איז געשטיגן פון שעה צו שעה און ער האָט שוין גע־קאָנט יעדע קלענסטע באַוועגונג זיינע, יעדע קלענסטע תנועה און יעדן פאַרבאָרגנסטן פאַרלאַנג, ווי דאָס קאָן נאָר אַ מענטש אָדער אין גרויס ליבע אָדער אין פיינטשאַפט.

דאָס ייִנגל דערקאָנט שוין אָן זלמנ׳ען, ווען ער איז נוטה

צו דערציילן אַ מעשה׳לע. די סימנים זענען, איבעריקנס, גאַנץ איינפאַכע: זלמן, דער רוהיקער פאַרגליווערטער זלמן, הייבט זיך אָן שטאַרק באַוועגן און די שטאַרע קורצזיכטיקע אויגן זוכן עפּעס אַרום זיך. אַפּנים, אַז דאָס מעשה׳לע אַליין בעט זיך, וויל אַרויס־לויפן פון תּפיסה און געניסן אַביסל פרייע לופט. און זלמן קאָן עס שוין מער נישט איינהאַלטן. ער מוז עפענען די טירלעך פון קאָפּ און אַרויסלאָזן עס, ווי מען לאָזט־אַרויס אַ טויב. על־פּי־רוב געשעט עס פאַרנאַכט, בשעת קיינער איז נישטאָ אין שטוב און די רויטע הימלען גליען ווי מידע פייערן איבער די ווייטע הויכע דעכער פון שטאָט. דעמאָלט לויפט משה׳לע נאָך שיינדעלען, פּירט זי איילן אַריין אין שטוב און רוימט איר איין אויפ׳ן אויער.

— זלמן האָט עפּעס... ער וועט באַלד דערציילן...

אין שיינדעלעס גראָע אייגעלעך פאַלן־אַריין אַסך גלאַנציקע שפּיזעלעך, אַ קינדיש־ווייכער שמייכל צוקט איר די ראָזע אויסגע־שווירענע ליפּלעך אויף די יונגע ווייסע ציינדלעך און זי פרעגט מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם:

— משה׳לע, ער וועט דערציילן מיט פּערל און ברילי־אַנטן, צי מיט אַ שפּאַרבער אַ פאַרדאַרבער?...

— שווייג... — רירט זי משה׳לע אָן ביי דער האַנט. — ער וועט שוין אַלץ דערציילן...

און דער אַלטער זלמן פאַרשטייט שוין די קינדער. דאָס איז אַ שטומער אָפּמאַך: זיי וועלן הערן און ער באַדאַרף דערציילן. און אָט זיצט שוין אַ גרופּע: זלמן ביים עק טיש מיט אַ טיפן קורצזיכטיקן בליק, וואָס גייט צוריק אין אויג און קוקט אַריין אין זיך, און די צוויי קינדער אַנטקעגן, מיט אַראָפּגעהאַנגענע דינע פיסלעך, מיט אויפגעהויבענע אָנגעשטרענגטע פּנים׳לעך, בלאַס פון נייגעריקייט און אויפרעגונג. פונקט אַנטקעגן, אויף דער וואַנט, זיצן דריי שאָטנס, וואָס זענען ענלעך צו בערן — איין בער אַן אַלטער און זייער אַ האָריקער און צוויי קליינינקע.

נאָר זלמן שווייגט פריער אַ לאַנגע צייט מיט יענעם מין שווייגן פון אַ מענטש, וואָס זעט גאָרנישט ארום זיך. אַפּנים, אַז

דאָס מעשה'לע שפּאַרט זיך און פאַרשאַפט אים אינערליכע אַנגסטן. דערנאָך אָבער דערציילט ער זייער שטיל און געצויגן, פּונקט ווי ער וואָלט רעדן צו זיך אַליין:

— אויפ'ן גרויסן ים אַן אָקרעאַנט, און דער אָקרעאַנט טרינקט זיך...

און ווידער שווייגט ער אַ ווײַלע, פּונקט ווי דאָס לעצטע טירעלע אין קאָפּ וואָלט נאָך אויפגעהאַלטן אויף אַ רגע דאָס מעשה'לע. נאָר אָט פליט עס שוין אַרויס לייכט און פרײַ אָן אַן אָפּשטעל:

— ...יאָ, אויפ'ן גרויסן ים אַן אָקרעאַנט און דער אָקרעאַנט טרינקט זיך...

און מיט בלאָע אויגן און מיט גאָלדענע האָר זיצט אַ בת־מלכה אין אָקרעאַנט.

און בלאָס איז זי און קינדיש איז זי און אין אירע בלאָע אויגן, ווי בלאָע קאָרנבלימלעך אָדער ווי הימל, שווימט־אום אַ קליין וואָלקנדל שרעק...

און פון אַלע זייטן — ים און געוויטער, און אינדן שפּריגנען איבער אינדן, ווי ווייסע ווילדע פערד מיט צעלאָזטע גריוועס, און תהומות פלעכטן זיך מיט תהוזות, ווי די ערד וואָלט אויפגעעפנט טויזנטער דורשטיקע מײַלער.

און סאַמע ביז'ן טונקעלן הימל דערגרייכט דאָס וואַסער־פאַטשעריי, דאָס וואַסער־געלעכטער, דער ווילדער וואַלצן־טאַנץ, און עס דאַכט זיך, אַז שדים, רוחות און נישט־גוטע פון אַלע וועלטן פראַוועון אַ חתונה...

אָבער דאָס איז געווען די לעצטע מינוט פון הימל, ערד און לעבן.

וואָרום דער בורא־עולם האָט צוגענומען זיין קרוין, געהייסן פאַרפּאַקן זיין כסא־הכבוד און די אַלטע ערד מיט'ן אַלטן לעבן האָט ער אָפּגעגעבן דעם רוח.

— נאַ, האַלט דיר דאָס, אויב דו ווילסט.

און דערנאָך האָט ער צונויפגערופן זיינע ליבסטע מלאכים און האָט זיך איבערגעצויגן אויף אַ נייעם הימל איבער אַ נייער

ערד, נעענטער צו דער זון. און דאָ האָט זיך דער רוח ווילד צע־לאַכט דורך אַלע ימים.

און ער האָט געוואָרפן ימים אויף ימים, וואַסער־בערג אויף וואַסער־בערג, און ער האָט זיי צעווייגט און צעשאָקלט און צע־טרייסלט אין דער טונקעלער לופט, און צעשאָטן אויף מיליע־מי־ליאָנען טראָפּעלעך און בעת־מעשה ווילד און הילכיק אַריינגעלאַכט אין דער מורא׳דיקער וואַסער־פּאַטשעריי...

און אָט האָט זיך דער אָקרענט אַנידערגעלייגט אויף אַ זייט און דער שפּיץ האָט גענומען זינקען. נאָך אַ מינוט, נאָך אַ רגע— און אַ וואַסער־מויל וועט אים איינשלינגען, ווי אַ שפּאַרבער אַ פייגעלע.

און די מענטשן אויפ׳ן אָקרענט זענען צוגעפּאַלן מיט׳ן פּנים צום דעק. אַנדערע האָבן גענומען גיין מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף און מאַנכע האָבן זיך געצאַפּלט אויפ׳ן רוקן, מיט אויפגעהויבענע הענט און פיס, פּונקט ווי איבערגעקערטע שרצים, און האָבן זיך נישט געקאָנט אויפשטעלן. אַלט און יונג, קליין און גרויס האָבן געיאָמערט און געשריען, און דידאָזיקע קולות האָבן, ווי קליינע נאָדעלעך, דורכגעשטאָכן דעם אימה׳דיקן וואַ־סער־גערויש.

נאָר אָט האָבן פּלוצלינג אַ פּאָך־געטאָן צוויי שניי־ווייסע פליגלען, און די בת־מלכה מיט די גאָלדענע האָר האָט דערזען אַ מלאך, וואָס איז געשטאַנען אַקוראַט איבער אירע אויגן, עטוואָס העכער פונ׳ם שיפדעק.

לויט זיין אָטעמען מיט די קליינע ראָזע נאָזלעכער און לויט די שפּיצן פון זיינע שניי־ווייסע פליגלען, איז געווען קענטיק, אַז ער האָט אַייליק דורכגעמאַכט אַ לאַנגע און אַ שווערע נסיעה פון הימל אויף דער ערד.

„זעץ דיך אויף מיינע פליגלען, — האָט ער געזאָגט, — איך וועל דיך מציל־זיין. איך וועל דיך אַוועקטראָגן אין אַ נייע וועלט מיט אַ נײַ לעבן, און גאָט זיצט דאָרט אויף אַ נייעם הימל. דידאָ־זיקע וועלט איז נאָענט צו דער זון... צו פינף זונען... צו צען זו־נען... צו טויזנט זונען...

נאָר דער בת־מלכה'ס קינדיש געזיכט איז באַצויגן געוואָרן מיט אַ טרויער:

— פאַרוואָס נאָר מיך? — האָט זי שטיל געפרעגט: — און די אַלע זאָלן דערטרונקען ווערן?

און אירע אויגן, ווי צוויי קליינטשקע רעדלעך הימל, זע־נען פאַרוואָלקנט געוואָרן.

— קלויב דיר אויס דעם בעסטן. מער ווי צוויי נעם איך נישט.

די בת־מלכה האָט אַ ווײַלע געטראַכט און דערנאָך שטיל געזאָגט:

— דעם ערגסטן.

דער מלאך האָט געשוויגן.

דער ערגסטער מענטש איז געווען אַ קליינטשקער און אַ שוואַרצער מיט שפּיציקע אויגן און האַרטע ביינערע הענט. דידאָ־זיקע הענט האָבן אַמאָל די אייגענע מוטער דער'הרג'עט.

ער האָט נישט געקאָנט רעדן — ער האָט נאָר געקאָנט לאַכן מיט אַ הייזעריק דראַבנע געלעכטער און בשעת־מעשה האָט זיך געדאַכט, אַז אַ גזלן שנײַדט ערגעץ עמעצן דעם האַלדז...

און אָט האָבן זיך ביידע געזעצט ביים מלאך אויף די שניי ווייסע פליגלען: איינער שוואַרץ, ווי דער אָפּגרונד אין ים, דער צווייטער קלאָר, ווי גאָטס שמייכל; איינער מיאוס, באַוואַקסן און שוואַרץ, ווי אַ פאַולאָזטע חיה, דער צווייטער לייכט און לופטיק ווי אַ וואַלקנדל, ווי אַ שבועות־ווינטעלע, ווי אַ שוועלבעלע.

און דער מלאך האָט זיך אויפגעהויבן, און רעכטס און לינקס איז זיי דורכגעלאָפן אַ ווינט ביי די באַקן. זיי האָבן צוגעמאַכט די אויגן און זיך לייכט, אָן געררויש, געטראָגן צווישן נעפל און ערד, אָבער פון אונטן איז זיי נאָכגעלאָפן דאָס וואַסער־פּאַטשעריי, פונקט ווי אַ בייזע חיה, און דעם רוח'ס געלעכטער האָט געקלונגען אין די אויערן, ווי אַ ריזיקע גלאָק.

און זיי זענען לאַנג געפלויגן מיט צוגעמאַכטע אויגן. אָבער דערנאָך, אַז זיי האָבן די אויגן געעפנט, האָבן זיי דערזען אַ נייע וועלט מיט נייע מענטשן און אַ הימל מיט נייע פאַרבן.

פון דעמדאָזיקן הימל האָבן אַרויסגעלויכטן בלאָע, רויטע און גרינע זונען...

אויף דער נייער ערד זענען געוואַקסן אומבאַקאַנטע הויכע צעצווייגטעביימער, באַלאָדן מיט די שמעקעדיקסטע פּירות און אונטער זיי זענען געזעסן ראָז־הויטיקע מענטשן מיט ליכטיקע אויגן און געלאַכט מיט אַ זילבערנעם געלעכטער.

ביי מאַנכע אויף די קעפּ איז געשטאַנען אַ ווייס פייגעלע מיט צוגעמאַכטע אויגן, און פון זיין שנאָבעלע האָט אַזוי ווי גע־קאַפּעט מיט ליכטיקע טראָפּנדלעך אַ ווייך, האַרציק זמר'ל...

אויף דער ערד זענען געלעגן רויטע, גרינע, בלאָע שטראַלן, וואָס האָבן זיך געפלאָכטן אין איינאַנדער, און זי, די ערד, האָט אויסגעזען ווי פאַרביק גלאָז קעגן אַ פייער.

אָבער אויף דערדאָזיקער נייער ערד איז אפילו די לופט געווען אַ נייע: זי האָט געזעטיקט, ווי גוטע שפּייז, און פאַר־שיכור'ט, ווי טייערער וויין.

און אפילו שטיינער האָבן אויסגעזען גליקלעך. אויף אַלץ איז געלעגן אַ שטראַל פון גליק: פון אַ מענטש ביז אַ בוים, פון אַ פויגל ביז אַ גראָז, פון אַ קינד ביז אַ שטיין.

און די שטראַלן פון גליק האָבן זיך געהאַלטן אויף דער ערד אַזוי זיכער און פעסט, ווי דאָס ליכט פון טאָג, ווי דער בוי פון די הימלען.

און צאַרטע שטילע קלאַנגען זענען געפאַלן אויף דער ערד, ווי אַ זון־רעגנדל, און מען האָט בשום אופן נישט געקאָנט וויסן, פון וואַנען זיי גייען און וואו איז זייער קוואַל.

זלמן האָט נאָר אויף איין רגע אָפּגעצויגן דעם אָטעם, אַ פינטל געטאָן מיט די אין זיך פאַרקוקטע אויגן און ווייטער דערציילט:

— דער מלאך איז אַרויפגעפלויגן אויף די פאַרביקע הימלען — אָפּגעבן גאָט אַ ראַפּאָרט פון זיין שליחות, און די בת־מלכה מיט'ן גזלן האָבן זיך אַנידערגעזעצט אונטער אַ בוים מיט גאָלדענע פּירות.

און די בת־מלכה האָט זיך פאַרקוקט אויף די נייע זונען, וואָס האָבן געשאָסן פון הימל מיט פייערדיקע פאַרבן, און דער גזלן איז לאַנגזאַם איינגעשלאָפן.

און לאַנג האָט די בת־מלכה געקוקט אַן אומעטיקע צו די זונען און לאַנג איז דער גזלן געשלאָפן. און דערנאָך, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער געהאַט אַ בלאַס איידל געזיכט.

— קינד, האָט ער פּלוצלינג געזאָגט צו דער בת־מלכה — איך האָב אַמאָל מיין אייגענע מוטער. דער׳הרג׳עט און אַ קינד פאַרברענט... אָבער יענער, וואָס האָט עס געטאָן, איז געווען אַן אַנדערער, נישט איך. איך בין איצט אַרויס פון יענעם, ווי אַ שטראַל פון אַ וואָלקן. און מיר איז גוט. דיר איז אויך אַזוי גוט?

די בת־מלכה האָט אים נישט געענטפערט. אָן ווערטער האָט זי אָנגעשפאַרט דעם קאָפּ אויף זיין אַקסל, און געווען איז זי נאָך בלאַסער ווי אויפ׳ן אָקרענט. און די בלאָע אויגן האָבן זיך איר געשאָטנט פון אומעטיקע מחשבות און אויף די ליפּלעך האָט זיך איר געלייגט אַ רחמנות׳דיק ווייןקנייטשעלע.

און שפּעטער, אַז אויפ׳ן נייעם הימל האָט זיך באַוויזן דער ערשטער גאָלדענער שטערן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסע קרוין אויף אַ ריזיק־גרויסן טיש פון בלאָ גלאָז, איז ווידער געקומען דער מלאך. די בת־מלכה האָט פון דאָסניי דערשפּירט דעם קילן פאָך פון די צוויי שניי־ווייסע פליגלען.

ער איז געבליבן שטיין אַנטקעגן זיי, עטוואָס העכער פון דער ערד.

— גאָט האָט מיך געשיקט פרעגן, וואָס פעלט אייך. פון יענער פאַרשאָלטענער ערד זענען געקומען צוויי: דער בעסטער און דער ערגסטער. אָבער דער ערגסטער איז שוין איצט אויך דער בעסטער, ער איז אַזוי ווייט פון שלעכטס און זינד, ווי די נייע ערד פון דער אַלטער. נו, וואָס פעלט אייך?

דער געוועזענער גזלן האָט אַרויסגעלייגט די׳ הענט אויפ׳ן האַרצן, אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און אַרויסגעזאָגט שטיל ווי אַ תפילה:

— מיר פעלט גאָרנישט. איך בין גליקלעך.

אָבער דער בת־מלכּה זענען די אויגן פאַרלאָפן געוואָרן פלוצלינג מיט קינדערשע טרערן, זי האָט זיך אויפגעהויבן און צי־ טעריק געזאָגט:

— פיר מיך צוריק צו דער פאַרשאָלטענער ערד... מלאך ליבער, מלאך קרוין, איך וויל אויף דער ערד...

— צו וואָס? — האָט איר דער מלאך אָפּגעווישט מיט אַ שניי־ווייסן פעדער די טרערן. — דאָרט געוועלטיקט איצט דער רוח. ער האָט שוין די ערד אויף שטיקלעך צעבראָכן. שוין אוודאי קיין זכר נישטאָ פון דער ערד. פאַרוואָס ווילסטו צוריק אַהין אין טויט און וויסטעניש און רוח־געלעכטער? הייב אויף די אויגן, און זאָלן זיי דיר ליכטיקער ווערן, און באַדאַנק גאָט דערפאַר, וואָס דו ביזט אויסגעלייזט געוואָרן פון דער פאַרשאָלטענער זינדיקער ערד.

אָבער איך וויל אויף דער ערד... נעם מיך צוריק אויף דער ערד, — האָט די בת־מלכּה געבעטן און נייע קינדערשע טרערן האָבן זיך איר געוויזן אויף די בלאָע פאַרשאָטנטע אויגן.

— אַדאַנק זיך, — האָט דער מלאך געזאָגט.

ניין, — האָט זי געמאַכט אַ פּאָר טריט און האָט מיטאַנ־ דערגעשפּרייט דעם מלאך די פליגלען איפ׳ן רוקן.

אָבער ער האָט זיך איר לייכט אַרויסגעגליטשט פון די הענט, ווי אַ ווינטעלע, און איז אויפגעפלויגן איפ׳ן הימל.

און די מענטשן, וואָס זענען דערביי געזעסן אונטער די ביימער, האָבן איינאַנדער געפרעגט:

וואָס האָט דאָ געטאָן דער מלאך, וואָס פאַר אַ שליחות האָט ער געהאַט?

און מאנכע האָבען געענטפערט:

ייִנגיק מלאכים זענען מיר א טאָג, וואָס חידוש׳ט אייך דער איינער?

דער מלאך איז באַלד צוריקגעקומען, און נאָך איידער ער האָט זיך צוגעשטעלט, האָט ער שוין געהאַט אויסגעשפּרייטע פליגלען.

זעץ דיך, — האָט ער געזאָגט.

און אַט איז די בת־מלכּה געפלויגן צוריק פון דער שיינער נייער וועלט צו דער זינדיקער שוואַרצער ערד.

און ווידער האָט זיך געטראָגן אַ ווינט רעכטס און לינקס בײַ די באַקן און ווידער האָט זי געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן. נאָר איצט האָט זי נישט דערקענט די ערד: נישט געווען קיין וועלדער, נישט קיין טייכן, נישט קיין בערג און נישט קיין שטעט. אַלץ איז געווען צונויפגעוואָרפן אינאיינעם, ווי אַ גרויסע בעל־הבית'ישקייט נאָך אַ שׂרפה. און אויבן איז קיין הימל נישט געווען.

ערגעץ אין אַ ווינקל האָבן זיך געטוליעט די לעצטע צען מענטשן מיט אַרויסגעשפּאַרטע אויגן פון שרעק. אַרום און אַרום האָט געפּלאַצט און געקנאַקט די ערד און אין די אויערן האָט גע־קלונגען ווי א ריזיקע גלאָק דעם טייוולס ווילד געלעכטער.

און דערדאָזיקער געלעכטער איז געווען דער טויט, דער פֿײַנלעכסטער סוף פון אַלץ און אַלעם.

די בת־מלכּה האָט געציטערט פון קעלט און שרעק, אָבער זי האָט זיך צוגערוקט צום הייפעלע מענטשן, צוזאַמענג... ווי שאָף אין אַ ווינד. זי האָט אַריינגעשטעלט איהר שמאָל אַקסעלע צווישן זיי און דעמאָלט האָבן זיי זיך היימלעכער באַוועגט, און איינער האָט געזאָגט:

— שטיי מיט אונדז, אונדז איז וואַרעמער געוואָרן, אַ לייכ־טערן טויט וועלן מיר כאָטש האָבן.

אונטער די פיס האָט זיך געבראָכן דאָס לעצטע שטיקל ערד און עס האָט זיך געהערט, ווי איין ים פאַרטרינקט דעם צווייטן.

ימים מיט ימים ראַנגלען זיך, דער רוח האָט אַריינגעלייגט אין זיי זיין בייזע גאַל, און אָט האָבן די ימים געעפנט די מײַ־לער און ווילן איינשלינגען איינאַנדער.

און פון דער ערד האָט זיך אָפּגעטראָגן דאָס לעצטע ביסל וואַרעמקייט פון גאָט, פון די הימלען, פון דער פאַרלאָשענער זון...

נאָר אין דער אייגענער רגע, בשעת דער פּאַטשערײַ פון די וואַסערן און דער ווילדער געלעכטער פון רוח האָבן דער־גרייכט די העכסטע מדרגה, האָט זיך דערטראָגן אַ ווייטער בת־

קול, וואָס האָט ווי אַ וואַרעמער גאָלדענער פאַס דורכגעשניטן דעם שוואַרצן געוויש פון דער אײַנגעפאַלענער ערד:

— רוח דו רוח, זאָל אויפהערן דײַן געלעכטער און ווער אַנטרונען פון דער צעריסענער אויסגעמאַטערטער ערד!... גאָט קומט צוריק אויפ׳ן אַלטן הימל און זאָל פון דאָסניי אויפבליען די ערד, וואָרום דאָס שענסטע, וואָס גאָט האָט אין זײַן אייביקייט באַשאַפן — די בת־מלכּה, טאָר נישט אומקומען מיט די לעצטע מענטשן... רוח דו רוח, שטעל־אָפּ דײַן שוואַרצע אַרבייט...

און אָט איז פּלוצלינג איבערגעריסן געוואָרן דעם רוח׳ס געלעכטער, און אין דער ליכטיקער אײַנגעשטילטער לופט האָבן זיך באַוויזן מלאכים מיט לאַנגע טרומייטן אין די ראָזע מײַלעכלעך: זיי האָבן געשפּילט גאָטס קומען צוריק אויף דעם אַלטן הימל.

און דער אַלטער הימל האָט זיך פון דאָסניי אויפגעהויבן, ווי אַ בלאָער פּרוכת איבער דער ערד, און אויף דער ערד האָבן זיך באַוויזן בערג און טאָלן און טײַכן און ימים און וועלדער, נאָך שענערע ווי פריער.

און גאָטס וואַרעמקייט האָט זיך פון דאָסניי דערשפּירט אויף דער אויסגעמאַטערטער ערד...

זלמן ווערט מיט אַמאָל אַנטשוויגן, פּונקט ווי דאָס טירעלע אין קאָפּ, וואו עס וואוינען זײַנע מעשה׳לעך, וואָלט זיך פּלוצלינג צוגעמאַכט. אין שטוב איז שוין פינסטער, און אין דערדאָזיקער פינסטערניש איז אײַנגעפאַסט זײַן בלייך ווייבעריש פּנים, ווי אַ קאָפּ אָן אַ גוף. און דאָס פּנים קוקט מיט שוואַרצע אויגנלעכער, אָנשטאָט אויגן. אין שטוב דערהערן זיך טריט פון געקומענע מענטשן. עס הערן זיך דעם טאַטנס בייזע ברייטע טריט און דער מאַמעס פאַר׳דאגה׳ט טופּען ערגעץ אין אַ ווינקל. אָבער די דריי זיצן אומבאַוועגט: אַן אַלטער און צוויי יונגע. ביי די קינדער ליגן די הענטלעך איבערגעוואָרפן אויף די אַקסעלעך, די הייסע בעקלעך צונויפגערוקט, די מײַלעכלעך אָפן און די מחשבות טראָגן זיי האַסטיק און שנעל אויף יענער נייער שיינער וועלט, וואו מענטשן זיצן אונטער הויכע ביימער און עסן גאָלדענע פּירות.ביידע קינדער פאַרשטייען נישט דעם זין פון׳ם מעשה׳לע, אָבער

דאָך פילן ווי, אַז די בת־מלכה האָט גוט געטאָן, כאָטש ביידע האָבן צער דערפון, וואָס זי האָט אַזוי געטאָן...

משה׳לע האָט טויזנטער קשיות צו שטעלן זלמנ׳ען, אָבער זלמן זיצט ווי אַ גרויסע קאַלטע אויסגעלאָשענע קויל. עס דאַכט זיך, אַז ער איז אַ טויטער, און אז ווען מען זאָל אים אַ שטויס טאָן, וועט ער אומפאַלן, ווי אַ זאַק, אויף דער פאָדלאָגע.

— וואָס ציגדט מען נישט אָן קיין פייער און וואָס מאַכט ער דאָרט משוגע די קינדער מיט זיינע מעשיות... זאָגט משה׳לעס טאַטע און זיינע טריט דערנענטערן זיך צום טיש.

אין זיינע העגט דערהערט זיך אַ בייזער קריץ פון אַ זאַפאַלקע איבער אַ קעסטעלע, און באַלד צעלויפן זיך, ווי גנבים, די שאָטנס פון די ווענט און עס ווערט אומהיימלעך ליכטיק אין שטוב.

די קינדער זענען אָפגעגאָסן געוואָרן מיט קאַלטער בייזער ווירקלעכקייט און אין שטוב האָט זיך דערשפירט דער אָטעם פון דער ווינדיקער ערד אָן אַ גאָט.

# דינעזאָן-שול-פֿאַרלאַג

## וואַרשע

פֿאַרטרעטער פֿון דער צענטראַלער שול-אָרגאַניזאַציע אין ווילנע.

---

### אויפֿ'ן ביכער לאַגער פֿון דינעזאָן-שול-פֿאַרלאַג ווערט פֿאַרקויפֿט

1) מסירת נפֿש — י. ל. פרץ,
פֿאָלקסטימלאַכע געשיכטן באַאַרבעט פֿאַר יוגנט

2) יוחנן וואַסערטרעגער — י. ל. פרץ,
פֿאָלקסטימלאַכע געשיכטן באַאַרבעט פֿאַר יוגנט

3) דריי מתנות — י. ל. פרץ,
פֿאָלקסטימלאַכע געשיכטן באַאַרבעט פֿאַר יוגנט

4) זיבן גוטע יאָר — י. ל. פרץ,
פֿאָלקסטימלאַכע געשיכטן באַאַרבעט פֿאַר יוגנט.

5) משה'לעס קינדעריאָרן — דוד קאַסעל, 1-טע טייל

6) „ „ „ 2-טע „

7) גרינינקע ביימעלעך — אַ צווייוואָכנטליכער זשורנאַל
פֿאַר קלענערע קינדער ביז איצט זיינען אַרויס 28 נומערן

8) דער חבר — אַ חודשדיקער זשורנאַל פֿאַר עלטערע
קינדער ביז איצט זיינען אַרויס 7 נומערן

9) די נייע שול — אַ חודשדיקער פּעדאַגאָגישער זשורנאַל
צווייטער יאָרגאַנג ביז איצט זיינען אַרויס 7 ביכער

10) שול און היים — אַ חודשדיקער זשורנאַל פֿאַר עלטערן
ביז איצט זיינען אַרויס 2 נומערן

№ 6.

דינעזאָן - שול - פאַרלאַג.

יוגנט - ביבליאָטעק.

דוד קאַסעל.

# משה'לעס קינדעריאָרן.

אַרויסגעגעבן

פון „צענטראַלן דינעזאָן-שול-קאָמיטעט"

וואַרשע, תרפ"א.

## זיבעטעס קאַפּיטל.

אַ ליבער, אַ זיסער, אַ מחיה׳דיקער טאָג איז שבת! שבת רוען ערד און הימל, וואַלד און טייך, גראָז און בוים, מענטש און חיה און אפילו דער בורא־עולם רוט. שבת איז אַ לאַנגער און אַ גאָלדענער טאָג, פּונקט ווי גאָט וואָלט אײַנגעפּאַסט אין הימל אַ נײַע זון, אַ שבת׳דיקע זון מיט נײַעם ליכט און וואָלט צוגעגעבן דעם טאָג נאָך שעה׳ן. שבת קלינגט אַ זיסע שטילקייט פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטן, אַ שטילקייט וואָס מאַכט ווייך אויף דער נשמה און ציט־אַרויף אַ לייכט־פריינטלעכן שמייכל בײַ אַלעמען אויף די פּנים׳ער, אַפילו בײַ די גויים. שבת זעען־אויס די גויים ווי ייִדן, און אָרימעלײַט ווי נגידים. שבת זענען נישטאָ קיין גנבים און קיין שלעכטע מענטשן, און אין אַ פרעמדער שטוב קאָן מען אַרײַן פּונקט ווי אין אַן אייגענער. שבת ווײַזט־אויס די שטאָט ווי איין הויז מיט איין משפּחה, און די גאַס — ווי אַ לאַנג צימער אין דעמדאָזיקן הויז. שבת קאָן מען פילן דאָ, אויף דער וועלט, ווי עס איז געוואָרן ליידיק און קאַלט דער גיהנום אויף יענער וועלט, און אַז מען זאָל אויפהייבן די אויגן, קאָן מען זען,

ווי רשעים שפּאַצירן־אַרום מחנות׳וויז איבער די בלאָע וועגן פון הימל און ציִען־אָפּ דעם אָטעם און רוען זיך אויס פון זייערע גיהנום־יסורים. שבת גלעט די זון די באַקן און זי באַהעפט זיך מיט דער נשמה. און עס ווילט זיך נישט שרייען, און עס ווילט זיך נישט ביינערן, און עס ווילט זיך נישט טראַכטן קיין האַרבע און שווערע מחשבות, ווי זונטאָג אָדער אַן אַנדער טאָג אינדער־וואָכן. רוהיק, מנוחה׳דיק, האַרציק, שבת׳דיק ווילט זיך זיין, ווי דער בוים ווי דאָס גראָז אָדער ווי דאָס שבת־וועלכעלע אין טייך. אַלץ איז באַצויגן מיט א שבת־שמייכל און מיט שטילן שבת־ליכט. שבת, שבת, שבת — טריפט פון די ביימער און פון אַלע פיר עקן וועלט. שבת, שבת, שבת — גלעט די ליפּס. און די שטראַלן צע־לייגן זיך אין דער נשמה, ווי די העלסטע און די דינסטע מאַ־קלאַנגען.

אָבער אויף דעמדאָזיקן גאָלדענעם טאָג מוז מען וואַרטן גאַנצע זעקס טעג, און משה׳לען פּלאַצט טיילמאָל די געדולד. אין זיינע קינדערשע פּרעטענזיעס צו גאָט איז אפשר די סאַמע גרעסטע פּרעטענזיע די, — פאַרוואָס האָט גאָט באַשטימט בלויז איין טאָג שבת? וואָלט דען נישט גלייכער געווען, אַז שבת זאָלן זיין צוויי טעג אָדער דריי און אפשר די גאַנצע וואָך? וואָרום וואָס פאַר אַ רעה וואָלט גאָט געהאַט דערפון, ווען אַלע מענטשן זאָלן רוען און איבער דער וועלט זאָל זיין צעגאָסן איין שבת־ליכט און איין שבת־שמייכל?

שווער צו פאַרשטיין גאָטס דרכים און מען מוז שווייגן, מסתמא ווייס גאָט בעסער וואָס ער טוט. אָבער פאַרוואָס קאָן זיך נישט באַרוהיקן דאָס הערצל און פאַרוואָס בונטעווען דאָס יונגע מוח׳ל? זעקס שלעכטע טעג האָט גאָט געגעבן און בלויז איינעם א גוטן. פאַרוואָס? וואו איז דער ענטפער דערויף?

אויף דערדאָזיקער פּרעטענזיע קריגט ער אָבער קיין ענטפער נישט, און ער מוז זיך באַנוגענען מיט דעם איינעם טאָג, ווי עס באַנוגענען זיך, נישט ווילנדיק, אַלע דערוואַקסענע. באַלד נאָך וואַרעמעס שיטן זיך אַרויס פון די קליינע הייזלעך יידן, ווייבער און קינדער, און אַלע שפּאַצירן אויף די הילצערנע טראָטואַרן,

פאַרבײַ די הייפלעך, לאַנגזאַם און שטיל, אָן ווערטער, פאַרטראַכט מיט שטילע שבת־מחשבות; און עפּעס עולעכעס איז פאַראַן צווישן זיי און די הייזלעך און די איינציקע ביימלעך, וואָס זעען זיך האָ־נישט־וואו: אַלץ איז צונויפגעגאָסן אין איין מנוחה. און לאַנג־זאַם שיטן זיי זיך אָן אויפהער פון די הייפלעך אויף די שמאָלע טראָטואַרן און רוהיק פינטלען זיי אין דער לענג פון גאַס, אין דעם גאָלד פון טאָג.

און לאַנגזאַם שפּאַצירט אויך משה׳לע מיט שיינדעלען. זיי גייען ווייטער און ווייטער מיט דער אייגענער טאָטערשער גאַס, וואָס ליגט הינטער די פרייע ברייטע פעלדער, ווי אַן אָרעמע קיך נעבן ליכטיקע גרויסע זאַלן. פון די זייטיקע פעלדער, אַרומגע־צוימט מיט לאַנגע הילצערנע פּאַרקאַנעס, וועיעט אויף זיי דער קילער ריח פון ראָסאַדע און יונגע מערעלעך. הויך אונטער׳ן הי־מעל דרייען זיך שוועלבעלעך, פייפן אַזוי ווי מיט מעטאַלישע פיי־פעלעך און מאַכן דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן נישט געפלויגן נאָר לייכט געשליידערט געוואָרן, ווי קיילעכלעך, פון אַ נישט־גע־זעענער האַנט. אויף זיי קוקנדיק, צעלאָזן זיך אויך די גראָע צע־בלאָזענע ווערבייטשיקעס: זיי ייאַרפן זיך אויך אין לופטן אַריין, ווי גוטע שווימער אין א טיף וואַסער, האַסטיק און פריילעך, און שיקן פון ווײַט איינציקע ליכטיקע טרעלן.

ביים טייך בלייבט שטיין די טאָטערשע גאַס און גייט נישט ווייטער. ביי די גאָלדיק־זאַמדיקע ברעגעס ציט זיך דאָס וואַסער פון טייך ווי צוויי שנירעלעך, און אינמיטן גייען קליינע, זילבערנע וועלכעלעך, פונקט ווי געשליפענע, און שטויסען איינע די אַנדערע און שפּילען מיט פאַסעקלעך זון, פונקט ווי זיי וואָלטן געשלונגען שטיקעלעך גאָלד.

דאָ, אַז מען גייט־אַריבער דעם טייך, הייבט זיך אָן דאָס שענסטע, וואָס משה׳לע האָט ביז אַהער געזען אין זיין לעבן: עס הייבט זיך אָן לודאַמענט. דאָס איז אַ גרויסע לאָנקע, באַ־שאָטן מיט אַלערליי בלימעלעך, פונקט ווי אַן אייסגעניי׳טע דעקע. איבער דער לאָנקע הענגט אַ גאָלדענער שבת און איבער׳ן שבת אַ בלאָער הימל מיט אַ זון אינמיטן. רעכטס שטייט דעם גלח׳ס

גאָרטן מיט אַ לאַנגער שורה ליפּעס ביים שוואַרצן פּאַרקאַן, און דידאָזיקע ליפּעס זענען אַזוי הויך, אַז זיי צעטיילן דעם הימל אויף צוויי העלפטן. און דאָרט, ווייט, לינקס, פּונקט קעגנאיבער דעם גלח׳ס גאָרטן, ליגן באַגראָזטע ערד־הייזלעך, און אַ קליינ־טשיק סאָלדאַטל, פּונקט ווי אַ צאַצקע, אין אַ ווייס העמדל, שפּאַ־צירט־אַרום מיט אַ ביקס אויפ׳ן אַקסל. דער דערביייאיקער טייך גייט רואיק און שטרענג זיין וועג מיט אַ קילן אָטעם און דער בלאָער הימל שוועבט־מיט מיט זיינע קלאָרע וואַסערן. אויבן הימל, אין טייך הימל, און ביידע קיקן זיך איבער ווי. אַ טאַטע מיט אַ זון: דער הימל—טאַטע, דאָס טייכל—זון.

משה׳לע מיט שיינדעלען גייען ווייטער און ווייטער אין דער לאָנקע אַריין. פון יעדן בליכל שלאָגט אַ באַזונדער ריח אין דאָס גראָז דערגרייכט ביז צו די קני. זיי זענען מיד פון זון־ליכט, פון בשמים־ריחות און פון׳ם גרינעם גראָז־פאַרב. זעצן זיי זיך אַנידער און דערשפּירן אַ מחייה׳דיקע וואַרעמקייט, וואָס גייט פון דער ערד דורך די גראָזן און בלומען. און מיט יעדן טראָפּעלע בלוט פילן זיי, אומבאַוואוסטזיניק, אַזוי ווי חיה׳לעך, אַז אויף דער וועלט איז גוט צו לעבן, אַז זיי זענען אַ טייל פון הימל, פון טייך און פון די גראָזן און אַז זיי זענען אויך אַ טייל פון גאָט, וואָס האָט עס אַלץ באַשאַפן.

גוט איז צו זיין אַ משה׳לע און אַ שיינדעלע אין אַזאַ שבת, אויף אַזאַ לאָנקע, נעבן אַ לאַנגן זילבערנעם טייך, וואָס ציט זיך ווי אַ לעבעדיקער, אַ שטיל־רעדנדיקער, מיט שטיקער הימל אויף זיינע קליינע שפּילנדיקע וועלעכלעך. דאָס קינדער־פּאָרל פינסלט לייכט און באַוועגלעך אין דעם גרויסן גאָלד, און אין זייערע אייגעלעך שלאָגט זיך אָפּ די זון און די מנוחה פון שבת. גאָט אַליין, וואָס רוט אַ גאַנצן שבת, קוקט־אַרויס פון זייערע אייגעלעך. ביידע לייגן זיך אינ׳ם שמעקעדיקן גראָז און קוקן, ווי בינען לויפן מיט אַ באַסיקן ברומען פון אייןביימעלע צו אַ צווייטס, ווי מחנות פליגן שטיפן אין זון און ליכט, און ווי הויך אונטער׳ן הימל דרייען זיך שוועלבעלעך, ווי ... אין אַ טאַנץ, און פייפן ווי מיט מעטאַלישע פייפעלעך. טאַמע איבער זייערע קעפּ שווימען־אַרום

קרעם־פּאַרביקע שמעטערלינגען, פינקט ווי געמאָלטע, און ווייערע פליגעלעך זענען ענלעך צו אַ האַלדז־באַנד. פון ווייטן טרינקט זיך אינ׳ם גראָז און בלימען אַ קורצפיסיקער הונט און זיינע צוויי שוואַרצע פייכטע גליקלעכע אויגן, מיט וועלכע ער קוקט זיך אַרום, וואו אַ שפרונג צו מאַכן, ברענגען פון ווייטן ווי צוויי שוואַרצע פייערלעך. צו אַ קליין הילצערן בריקל, ביים טייך, איז צוגעבונדן אַ ווייס שיפעלע און לאַנגזאַם גליטשט עס זיך אַוועק פון ברעג און קומט צוריק, גליטשט זיך אַוועק און קומט צוריק, פינקט ווי אין אַ שפּיל, און נישט ווייט שטייט אַ יונג גימנאַזיסטל, און אַ היטל אין אַ ווייס העמדל, און האַלט אומבאַוועגט אַ לאַנגע ווענדקע אין דער האַנט. פון צייט־צו־צייט ציט ער אַרויס אויף זיין דינעם פאָדעם אַ צאַפּלדיק פאַסטקל זילבער און באַלד נאָכדעם טוט אַ פייף דער פאָדעם אין לופטן און פאַלט צוריק אין וואַסער אריין. טריט־ביי־טריט, פונקט ווי איבער אַ גלאַט שמאָל ברעטל, גייט פון בערגל, נעבען גלח׳ס גאָרטן, אַ הויך בלאָנד קריסטלעך מיידל מיט אַ האַנטוך אויף די אַקסלען: אין לייכטע שוואַרצע שיכלעך און שניי־ווייסע זאָקן גייט זי, מיט געמאָסטענע טריט, צו יענעם ווייסן הייזעלע, וואָס שטייט אויף שיטערע פּאַליעס אין טייך. עטוואָס שפּעטער דערהערט זיך אַ לייכט וואַסער־געריוש, און אַז מען קוקט זיך צו אַהין, זעט מען ווייסן שוים און אַ ראָז שטיקעלע לייב...

— משה׳לע, זאָגט שיינדעלע פּליצלונג, פאַרמאַך די אייגן ייעסטו זען גאָלדענע פייגעלעך...

און אַז משה׳לע ענטפערט נישט, רוקט זי צו איר בעקל צו זיינס און פרעגט:

— משה׳לע, מיר וועלן שטענדיק זיין אזוי גוט?

— ווי?

— ווי איצט.

— מיינסט, ווי אַ שוועסטער מיט אַ ברודער?

— ווי אַ שוועסטער מיט אַ ברודער.

— שטענדיק.

— און אַלעמאָל וועלן מיר זיין צוזאַמען?

— אַלעמאָל.

שיינדעלע מאַכט־צו די אייגעלעך און לייגט־אַוועק דאָס וואַ־
רעמע בעקעלע אויף זיין האַלדז.

— און, משה׳לע,—פרעגט זי ווייטער מיט צוגעמאַכטע אויגן
און אָטעמט אים אויפ׳ן האַלדז, — וואָס וועלן מיר טאָן, אַז מיר
וועלן זיין גרויסע?

— מיר וועלן... מיר וועלן וואוינען אין אַ וואַלד.

— אַליין?

— אַליין...

— גאָר אַליין?

— אַליין. ניין, מיר וועלן מיטנעמען זלמנ׳ען...

— און די מאַמען...

— און די מאַמען.

— און דעם טאַטן...

— און אפילו חייקל׳ען... דעם משוגע׳נעם...

— און חייקל׳ען.

— אַלעמען?..

— ניין, מיר וועלן זיין אַליין...

— האָסט דאָך ערשט געזאָגט, אַז אַלעמען?

— ניין, אַליין...

— בלויז מירביידע?

— מיר ביידע... שיינדעלע, מיר ביידע...

שיינדעלע הייבט־אויף דעם קאָפּ אין פאַרטראַכט זיך מיט
דער גרעסטער אָנשטרענגונג. דער גאַנצער הימל ווערט קליין, ווי
אַ פינטעלע, און פאַרקלייבט זיך צו איר אין די אויגן אַריין.

— משה׳לע, — פרעגט זי, — איז נאָך לאַנג צו וואַרטן?

— ניין....

— וויפיל יאָר?

— וויפיל יאָר? — משה׳לע פאַרטראַכט זיך און קאָן בשום
אופן ניט באַרעכענען. — אָבער דו ווייסט? — רוימט ער איר איין
אויפ׳ן אויער, — מיר וועלן זלמנ׳ען פאָרט נעמען צו אונדז. ער
וועט וואוינען מיט אונדז צוזאַמען און וועט אונדז דערציילן

מעשה'לעך... ער האָט אַזויפיל מעשה'לעך... זאָל מען מוזן מיר נעמען.

— אָבער ווען וועט עס זיין? — צוקן שיינדעלען די ליפּלעך פון אומגעדולד.

דער גימנאַזיסט ציט אַרויס פון וואַסער אַ צאַפּלדיק פּאַסעקל זילבער; דאָס הויכע בלאָנדע מיידל גייט־צוריק פון באָדן זיך מיט'ן האַנטוך אויפ'ן אַקסל און מיט דיזעלבע געמאָסטענע טריט. דאָרט, ווייט, אַרום די באַגראָזטע ערד־הייזעלעך שפּאַצירט נאָך אַרום דאָס קליינינטשקע סאָלדאַטעלע, פונקט ווי אַ צאַצקע, אין אַ ווייס העמדל מיט אַ ביקס; אונטער'ן הייסן ליכטיקן הימל דרייען זיך שוועלבעלעך, ווי אין אַ טאַנץ, און נאָענט צו דער ערב פלאַטערן אין לופטן קרעם־פאַרביקע שמעטערלינגען, מיט פליגעלעך, ענלעך צו האַלדז־בענדלעך. נאָר אַז מען מאַכט־צו די אויגן, זעט מען באמת גאָלדענע פייגעלעך, דערנאָך רויטע, בלאָע, גרינע און דערנאָך טויזנטער פייערלעך, וואָס צוקן און לעשן זיך און צינדן זיך אָן פון דאָסניי. און אויפ'ן האַרץ איז לייכט, יאַרעב און ליכטיק, פונקט ווי דאָרט וואָלט געזעסן אַ שטיק זון, אַ טייל פון דער זון, וואָס גליטשט זיך איבער דעם בלאָען שבת'דיקן הימל.

אַז די קינדער הייבן זיך־אויף פון גראָז, רויטלט זיך שוין דער הימל, און די זון, ווי אַ גרויסער טעלער, אָנגעגאָסן מיט בלוט, נידערט פּאַמעלעך אַראָפּ, פונקט ווי זי וואָלט זיך געוואָלט אַרונטערגליטשן אונטער דער ערד. און וואָס ווייטער זי נידערט, אַלץ רויטער ווערט דער הימל, וואָס זעט־אויס ווי רויט גלאָז, הינטער וועלכן עס פלאַקערט אַ העכעש פייער. אָבער אין דער פאַר טראַכטער לופט פאַכן שוין די טונקל־זיידענע פליגלען פון פאַרנאַכט. —

די קינדער גייען־אַרויס פון דער לאָנקע, וואָס ענדיקט זיך מיט איין ברעג ביים סאַמע הימל, דאָרט וואו עס פאַרגייט די זון. דערדאָזיקער ברעג איז פאַרגאָסן מיט רויטן ליכט, ווי מיט רויטן וויין. איבער'ן קאָפּ טראָגן זיך שוין די ערשטע פלעדערמייז מיט אַזאַ אימפעט, פונקט ווי געוואָרפענע שטיינדלעך פון אַ שרעק־

לעכער הייך. אָבער אויך אַזוי שנעל באַוועגן זיך אונטער׳ן הימל די שוואַלבעלעך, וואָס דערפֿייפֿן איצט זייער לוסטיק און פֿריילעך ליד. זיי פֿייפֿן און טאַנצן אין דערלופֿטן, ווי קליינע שוואַרצע מלאכים׳לעך אַנטקעגן דעם הייסן דורכזיכטיקן בלוט פֿון דער אונטערגייענדיקער זון.

שיינדעלע גייט משה׳לען ביי דער זייט, און אין אירע ברוינע שוואַרצאַפּלען ברענען צוויי רויטע פֿייעלעך. רויטע שטראַלן פּלאַטערן איר אויפֿ׳ן קליידל, אויף אַ באַק און אויף איין זייט העלדזל. משה׳לע קוקט זי שווייגנדיק אָן. און בעת מעשה פֿילט ער, אַז דאָס איז אַ שוועסטערל, אַ שוועסטערל נישט פֿון איין טאַטן און מאַמען, וואָס איז אָבער אומפֿאַרשטענדלעך ליבער פֿון אַ טאַטן און מאַמען און ליבער פֿון אַלץ אין דער וועלט. דאָס איז אַ שוועסטערל, וואָס איז אַ טייל פֿון אים. איר בלוט איז זיין בלוט, איר האַרץ איז זיין האַרץ, און ווען ער זאָל זי פֿאַרלירן, וואָלט ער אויך פֿאַרלוירן דאָס טאָג-ליכט פֿון די אויגן. ער וואָלט דעמאָלט בלינד געוואָרן אויף די אויגן און אויפֿ׳ן האַרץ.

— שיינדעלע... — זאָגט ער — אויב דו ווילסט, וועלן מיר מאָרגן אויך גיין אַהער.

— אָבער מאָרגן איז דאָך נישט שבת, — קוקט אים שיינדעלע טיף אין די אייגלעך אַריין, ווי אַ גרויסע.

— נו איז וואָס? זונטיק טאָר מען דען נישט? — נעמט ער זי אָן בייַם הענטל.

— אָבער זונטיק זענען דאָך שלעכט די גוייִם... — רוקט זי זיך נענטער צו אים.

משה׳לע ווייס נישט וואָס צו ענטפֿערן דערויף. אָבער באַלד שפּרינגט זי איבער גאָר אויף אַן אנדער ענין און גיט אַ פֿרעג מיט אַן אינערלעכן שמייכל, ווי אַ מענטש וואָס וויל לאַכן פֿון גליק און האַלט זיך איין:

— משה׳לע, וואָס האָסטו ליבער פֿון אַלץ אין דער וועלט?

פֿאַרטראַכט ער זיך עטוואָס און ענטפֿערט שטיל:

— שוואַלבעלעך...

— שווערבעלעך, — חזר׳ט שיינדעלע איבער און זוכט זיי אויפ׳ן הימל מיט פאַרגלייסטע אייגלעך — שווערבעלעך...

פאַרטראַכט און פּאַמעלעך לעשט זיך דער שבת, ווי אַ גרויס הויך ליכט, וואָס דערברענט ביז׳ן סוף. די לעצטע פלאַם, דער לעצטער שיין ציטערט אין דער פאַרטראַכטער לופט. אין די ווינקעלעך הימל טוקט ער זיך בלאַס, ווי ער וואָלט זיך געזעגנט מיט דער ערד, פּונקט ווי אַ בלאַס מיידעלע וואָלט זיך צעזעגנט מיט אַ הייסער און רוישיקער משפּחה. נאָך אַ קוק, נאָך אַ קוק און — אַדיע אויף אַ גאַנצע וואָך. אַהין, וואו די זון איז אַוועק, גייט אויך אַוועק דער הייליקער שבת. אין גאַס שפּירן זיך שוין די האַרבע סימנים פון נישט-ניחא׳דיקן אינדערוואָכן. אַנדערש זעען אויס די ייִדן און מיט בייזע בליקן קוקן די פענסטערלעך פון די הייזלעך, און אַז מען הייבט-אויף די אויגן זעט מען, ווי אויף די גראָע אומעטיקע וואָגן פון די הימלען גייען-אום מחנות׳ווייז רשעים. זיי גייען, ווי אַרעסטאַנטן, אין גיהנום אַריין מיט אַראָפּ-געלאָזטע קעפּ, ווי פאַר׳משפּט׳ע, מיט פאַרדריקטע ליפּן, ווי מענטשן וואָס דאַרפן באַלד איבערלעבן די גרעסטע און שווערסטע יסורים. און אַז מען זאָל גוט אָנשטרענגען דאָס אויער, קאָן מען הערן ווי עס גרילצן שווער די גרויסע גיהנום-טירן. צי וועט אַמאָל משה׳לע אויך אַריין אין דידאָזיקע גרויסע גיהנום-טירן? עס באַפאַלט אים אַ שוידער איבער׳ן גאַנצן לייב.

גייענדיק לאַנגזאַם מיט שיינדעלען אַקסל צו אַקסל, מיט דער לאָנקע אין האַרצן און מיט דעם גאָלדענעם שבת-הימל אין דמיון, פאַרגעסט משה׳לע, אַז מען באַדאַרף דאַוונען מעריב, ווי ער פאַרגעסט אַז מען באַדאַרף עסן, און אָט זעט ער, ווי עס לויפן ייִדן פון מעריב — גראָע, שטומע, אייליקע און וואָכעדיקע, און פאַרשווינדן אין די שמאָלע טונקעלע הויפן, ווי אין טיפע אָפענע ...ילער. און באַלד לויפן זיי צוריק פון די הייפלעך, פּונקט ווי אויסגעשפּייטע, מיט קלינגענדיקע שליסלען אין די הענט, און איבער דער גאַנצער לענג פון דער גאַס ווערן מיט אַמאָל געעפנט קליינינקע קרעמעלעך, באַלויכטן מיט קליינע פאַררויכערטע

לעמפעלעך, און אין דעם מאָגערן שיין פון דידאָזיקע לעמפלעך קוקען געבעכדיק אַרויס שטיקלעך קעז, אַלטע בייגל, הערינג...

דאָס זענען די סאַמע שווערסטע און ביטערסטע מינוטן אין משה'לעס יוגנט, מינוטן וואָס מאַכן אים וואונדן אין דער נשמה, און זיין אומעטיקע מחשבה פרעגט מיט ווייַ: צו־וואָס באַדאַרף מען אינגאַנצן דעם שבת, וויבאַלד אַז ער לאָזט זיך אויס אַזוי וואָכעדיק, גראָ און אומעטיק?

אין די קליינע הייזלעך פינטלען, ווי געלע פלעקן, די אָנ־געצונדענע לאָמפן; אויפ'ן הימל רוקן זיך כמאַרעס, ווי שוואַרצע בערג, און אַ קאַלטער ווינט שניידט ראַפטום דורך די לופט. פלוצלינג הייבט אָן פאַלן אַ רעגן, אָהן הכנות, אָהן זומערדיקע דונערן און בליצן, אַ דראָבנער הערבסט־רעגן מיט קאַלטע טראָפנס, וואָס שיטן זיך פויל אויף דער ערד מיט איין קלאַנג — זיפ־זיפ זיפ... נאָכ'ן הייסן גאָלדענעם שבת קומט עפּעס אויס משונה אָט דער קאַלטער ווינט מיט די שוואַרצע כמאַרעס אויפ'ן הימל און מיט'ן דראָבנעם איינטאָניקן הערבסט־רעגנדל, פונקט ווי זיי אַלע צוזאַמען וואָלטן זיך פון ערגעץ אָפּגעריסן און געקומען אַהער אָן שום צוזאַמענהאַנג מיט דער נאַטור. צי האָט עמעץ אויפ'ן הימל ניט קאַליע געמאַכט די מאַשין פון ווינט און רעגן, אויס פאַר־דרוס וואָס דער ליבער שבת ענדיקט זיך? צי האָט עס נישט גע־טאָן אַמאָל אַ רשע, וואָס איז געגאַנגען מיט אַ פאַרביטערט האַרץ אין גיהנום אַריין? אָדער אפשר איז דער בורא אַליין אומעטיק געוואָרן און האָט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט די וואַרעמקייט מיט דער שיינער זומער־נאַכט און האָט אָנגעשיקט אויף דער וועלט קאַלטן ווינט און הערבסטרעגן?..

נאָר משה'לע ראַטעוועט זיך פון די אָפענע קרעמעלעך און פון ביידן אינדערוואָכן און פון הערבסטרעגנדל און פון דער אייגענער שווערער עבירה, וואָס ער האָט נישט געדאַווענט, — ביי פאַיען אין דער ליבער היימלעכער שטוב, וואו עס שמעקט שטענ־דיק מיט דעם וואַרעמען אָנגענעמען ריח פון פרישן ברויט.

— איז אַז איז... וואַקסט פלוצלינג אויס דער משוגע'נער

ברודער מיט שיינדעלעס אויגן און שמייכלט ווי אַ מענטש אָן אַ גאַל.

און ביי פּאַיען איז, ווי אַלעמאָל, פאַרלאָפן דאָס קליינע פּנים׳ל מיט פּריינטלעכע קנייטשעלעך. זי האָט נאָך נישט אויסגעסאָן דאָס שבת׳דיקע קליידל, און דאָס טיכל אויפ׳ן קאָפּ מיט די צוויי עקן און דער קנופּ אונטער דער גאָמבע מאַכן זי אומגעוויינלעך מוטערלעך און האַרציק.

— אַ, משה׳לע איז דאָ! — שרייט זי אויס און פאַרמערט נאָך בעת מעשה די אונצייליקע פּריינטלעכע קנייטשעלעך אויפ׳ן פּנים און דערנענטערט זיך צו אים מיט יונגע גראָע אויגן, ווי ביי שיינדעלען, און מיט אַ געדיכטן ריח פון האַרעמען ברויט: — זייער גוט! זייער גוט! וועסט עפּעס לייענען און דערנאָך — רוימט זי אים איין אויפ׳ן אויער — וועלן מיר עסן גוטע זאַכן...

משה׳לע לויפט גלאַך אַהיים, כאַפּט דאָרט עפּעס אַ ביכעלע, וואָס ער האָט נישט לאַנג געקויפט און לויפט צוריק צו פּאַיען. און אָט זיצט ער שוין פאַר׳ן לאַנגן טיש, באַדעקט מיט דעם ווייסן שבת׳דיקן סערוועט און איז זיך מכין צו לייענען. אין דרויסן פאַלט דאָס דראָבנע הערבסט-רעגנדל, וואָס ווערט פלוצלינג איבערגעריסן פון אַ שטאַרקן ווינט אַזוי, אַז מען הערט ווי אין קוימען נעמט קלאַפּן דאָס דעקל, אָבער אין שטוב איז ליכטיק און וואַרעם און היימלעך און עס שפּירט זיך שוין דער אָנהייב פון יענער געשפּאַנטער שטילקייט, וואָס קומט אַלעמאָל פאַר משה׳לעס לייענען.

## אַכטער קאַפּיטל.

פון מײנטװעגן זאָל ער פאָרן... — זאָגט דער טאַטע, שטײ־
ענדיק בײם פענסטער און אַרײנקוקנדיק אין אַ נאָר־װאָס געקױפטע
ביכעלע מיט ראָזע פּאָדערבלעטלעך.

דערהערט דידאָזיקע װערטער, װײס שױן משה׳לע זיכער,
אַז ער פאָרט צו דער באָבען. דידאָזיקע באָבע, דעם טאַטנס מו־
טער, איז אַן אומבאַקאַנטע; משה׳לע האָט זי קײנמאָל נישט געזען,
און דאָס ערשטע מאָל אין לעבן פאָרט ער צו איר. לױט משה׳לעס
ידיעות איז זי אַלט דרײַאוננײַנציק יאָר, מען רופט זי שרה און
זי װאױנט בײ אַ פעטער אינ׳ם שטעטעלע ראַקװוקע, פינף מײל
פון משה׳לעס שטאָט.

נאָר משה׳לען װילט זיך פאָרן נישט צוליב דער באָבען. די
באָבע איז בלױז אַן אױסרײד. משה׳לע װיל פאָרן צוליב הימל און
פעלד, צוליב זון און װאַלד, צוליב דערפעלעך און װינטמילן, צו־
ליב דעם בעל־עגלה און זײן פערד און צוליב די פינף מײל,
װאָס האָבן אין זײן דמיון קײן סוף און קײן אױסלאָז נישט, אַזױ
אַז אין דידאָזיקע פינף מײל מוזן אװדאי אַײנגעפּאַסט זײן ארץ־

ישראל און מצרים און אַמעריקע. פאָרן גאַנצע פינף מייל אַליין, אַ פריי ייִנגעלע, אָן טאַטע און מאַמע, אָן שטרענגע השגחה־אויגן, בלויז אין רשות פון היכל און ערד — דאָס איז דער גרעס־טער תענוג, וואָס אַ מענטש קאָן זיך פאָרשטעלן.

פאַראַן אפילו איין ווײ אין דעמדאָזיקן תענוג: ער וועט זיך באַדאַרפן שיידן מיט שיינדעלען. איז אָבער פאַראַן אויף דער וועלט אַזאַ שמחה, וואָס זאָל נישט האָבן אַ שטיקעלע צער אין זיך? פאָרן פאָרט ער אינגאַנצן אויף צוויי וואָכן, און אגיב ביי דער באָבען וועט אים זיין פריילעך אין היימלעך און ליב, וועט מסתמא די צייט זייער שנעל אַדורכלויפן, ווי ער ווייס עס פון זיין קינדערשער פראַקטיק, און אָט וועט ער ווידער זען שיינדעלען.

דאָס זעגנען זיך, דאָס ערשטע מאָל אין לעבן זעגענען זיך, וואָס דאָס טוען אזוי אָפּט און מיט אַזאַ גאווה אַלע גרויסע, גייס־צו זייער געשווינט: פון טאַטן — אַ קאַלטע האַנט מיט אַ קורצן בליק, אָהן שהיות, אָבער ביי דער מאַמען צוקט די אוי־בערשטע ליפּ, ווי זי וואָלט זיך מכין־געווען צו וויינען. דער מאַ־מען איז שטענדיק שלעכט. זי האָט שטענדיק גרייט אַ שטומען קוואַל טרערן אין די אויגן און ביי דער קלענסטער געלעגנהייט פאַרנעפּעלט ער איר די טרויעריקע שוואַרצאַפּלן ווי דער אָטעם אַ שפּיגל...

— פאָר געזונט, מיין זון... — דערהערט ער הינטער זיך איר קול, וואָס איז, אָנגעזאַפּט מיט אַזויפיל וויי, פונקט ווי משה'לע וואָלט געפאָרן קיין אַמעריקע.

מיט שיינדעלען איז דאָס זעגענען זיך אַן אכת'ע פאַרשלע־פעניש. זי לאָזט אים נישט אָפּ און לויפט מיט אים צו די בעל־עגלה'ס. און דאָרט צעזעגנט ער זיך מיט איר ערשט דעמאָלט, ווען ער באַדאַרף שוין אַרויפשטעלן דעם פוס אויפ'ן אַקס, וואָס איז גראָב אָנגעשמירט מיט דזעגעכטס. פריער גיט איר משה'לע די האַנט, דערנאָך נעמט ער זי אַרום, לייגט־אַרויף זיינע ליפּן אויף אירע, מאַכט־צו די אויגן און דריקט זיך צו איר צו מיט אַ לאַנגן און הייסן קוש. אָבער אַז ער עפנט די אויגן, זעט ער, ייי

אַ גרויסער ווייסער הונט מיט שוואַרצע פּלעקן, קוקט זיך־צו משוגה צו דערדאָזיקער סצענע, פּונקט ווי ער וואָלט קאָמיש געשמייכלט. אויפֿ׳ן הויף איז אַ טאַראַראַם און אַ מהומה, ערגעץ שרייען האַלבדערשטיקטע הינער, אין אַ צווייט אָרט פּילדערן גענדז מיט זייערע וואַסער־קולות; אין אַ דריט אָרט קנאַקן יונגען מיט די בעל־עגלה׳שע בייטשן; די פֿערד קאָפּען מיט די פֿיס אין דער ערד און שמייסן מיט די עקן אַרום די בייכער; צעשויבערטע ווייבער מיט בלאָע ליפּן און מיט קוויטשיקע קולות רייסן איינע פֿון די אַנדערע עפּעס אַ קויש; צוויי ייִדן מיט אָנגעבויגטע קעפּ ציילן אייננאַנדער קופּערגעלט פֿון האַנט אין האַנט; אַ בעל־עגלה לויפֿט מיט אַן עמער וואַסער גלייך צו דער נאַרעשער מאָרדע פֿון זיין פֿערד פּונקט ווי אויף אַ שׂרפֿה; פֿון אַ דערבייאיקן שפּייכלער וואַרפֿט מען שווערע קאַסטנס אויף דער ערד, און יעדער קאַסטן איז באַצייכנט מיט צוויי שוואַרצע פֿעטע אותיות: .G. H; דער געפּלעקטער הונט קריגט פּלוצלינג מיט אַ שטעקן איבער די פֿיס און אַ קליינ־מאָגער הענדל כאַפּט זיך ראַפּטום אַרויף אויף אַ פּאַרקאַן, פֿאַטשט־אָן מיט די פֿליגלען און לאָזט־אַרויס אַ לאַנגן קוקערעקו סאַמע ביז דער לעצטער נאָטע. אין דער רעכטער מהומה וואַקסט־אויס אַן אַלטער ייִד מיט אַ קאָלטונעוואַטער באָרד, וואָס עפּנט אַ ברייט מויל אָן ציין און צעגענעצט זיך מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און מיט אַ ציטערן איבער׳ן גאַנצן לייב. קוים דער בעל־עגלה, מיט וועלכן משה׳לע באַדאַרף פֿאָרן, אַ געלער ייִד מיט אַ גרויסן רימענעם טייסטער אויפֿ׳ן בויך, נעמט־אַראָפּ די טאָרבע האָבער פֿון זיין פֿערדס אויערן און בעת־מעשׂה רעדט ער צו די בעל־עגלה׳ס מיט אַן אָפּגעקערטן קאָפּ אַהינטער:

— נו, עולם, אין וועג אַריין. שוין שפּעט.

דער עולם רירט זיך אָבער נישט פֿון אָרט, און עס דויערט אַ שטיק צייט, ביז עס נעמט אַ סוף צו זייערע בעל־עגלה׳שע שמועסן און קריגערייען, ביז אַלע סחורות ווערן פֿאַרפּאַקט אין די לאַנגע וועגנס, ביז די פֿערד ווערן איינגעשפּאַנט און די פּאַסאַזשירן זעצן זיך אַוועק. ערשט דעמאָלט קריכט קוים אַרויף אויפֿ׳ן ברעג וואָגן, גיט אַ דריי אין דער לופֿטן די בייטש מיט אַזאַ גע־

שריי, אז די לופט צעטרייסלט זיך ווי פון אַ דונער, און די רויטע שקאַפּע, וואָס איז געווינט צו שווערע משאות, בייגט-איין דעם קאָפּ, ציט אויס די הינטערשטע פיס, ווי צוויי קרומע שטע-קנס, און דער ערשטער הייזעריקער סקריפּ פון די רעדער זאָגט-אָן, אַז דער בעל-עגלה׳שער קאַראַוואַן לאָזט זיך אין וועג אַריין.

משה׳לע קערט-אָפּ דעם קאָפּ און וואַרפט אַ לעצטן בליק צו שיינדעלען. אויף אירע לאַנגע ברעמען ציטערן קליינינקע פּערל, און אַז דידאָזיקע פּערל פאַלן-אַראָפּ און עס קומען אַנדערע, גרעסערע, אויף זייער אָרט – פאַרדעקט זי מיט׳ן הענטל דאָס פּנים, גיט זיך אַ דריי-אויס און פאַרלאָזט געשווינט דעם אכסניא-הויף.

משה׳לע וואָלט אויך געוואָלט וויינען, אָבער אַז ער דער-זעט, ווי דער הימל, דער ברוק אין גאַס און די צוויי שורות היי-זער ביי די זייטן, נעמען גיין צוריק, ווערט אים דידאָזיקע שפּירונג צערונען. אַ מאָדנע זאַך: אַלץ באַוועגט זיך אויף צוריק. אַלץ, אפילו די לופט, וואָס ציט זיך בעת-מעשה איבער די באַקן, ווי אַ ווייך און וואַרעם וואַסערל, און עס דאַכט זיך, אַז מען שוועבט איבער דער ערד.

עס איז אָנגענעם צו זיצן אין אַ לאַנגן וואָגן צווישן פּעסער הערינג און קאַסטנס טאַבאַק, צווישן פּעק מיט קנעפּלעך און גע-טריקנטע טאַראַנעס און צווישן מאָדנע משונה׳דיקע פּאַסאַזשירן, איבערהויפּט ווייבער, וואָס קוקן זיך ווײַלעוויַיז אַרום מיט טויטע אויגן. פאַמעלעך אַנטלויפן די גאַסן פון וואָגן, די פערד קלאַפּן מונטער איבער׳ן בריק, און אָט הייבט זיך אָן אַ ברייט פריי פעלד מיט אַ שטויביקן שליאַך אינמיטן. אין די געדיכטע קאָרנ-פעלדער, וואָס ליגן ביים וועג, ציען זיך לאַנגע טעלעגראַפן-דראָטן אויף הויכע הילצערנע סלופּעס מיט ווייסע טעפּעלעך, און אויף דידאָזיקע דראָטן זיצן מאָנכע פייגל און קוקן, נישט מיט די אויגן נאָר מיט׳ן שטומען שנאָבל, אין דער ווייטקייט אַריין.

פונקט אַנטקעגן אויג גייט-אונטער די זון אין אַ רויטן ים, און די זײַלן שטויב, וואָס די רעדער הייבן-אויף, זעען אַזוי ווי באַשפּריצט מיט בלוט. רויטע פינטעלעך טוקן זיך ביי די ווייבער

אין די אויגן. פון די פעלדער גייט־אויף אַ פרישקייט, אָנגעפּילט מיט די געזונטע ריחות פון תבואות און קרייטעכצער, און פון ווייטן דערטראָגט זיך דאָס פאַרטראַכטע ברומען פון אַ טשערעדע. ווייט אויפ׳ן וועג, אַנטקעגן דעם רויטן זונאונטערגאַנג, גייט אַ מענטש מיט אַ שטעקן אין האַנט און אויפ׳ן פּאָן פון רויטן ים זעט ער אויס קליין און שוואַרץ, ווי אַ געמאָלט שוואַרץ מענטשעלע אויף אַ רויט פּאַפּיר. דאָסדאָזיקע מענטשעלע גייט מיט זיין שטעקן אַזוי לאַנג, ביז ער גייט־אַריין אין רויטן הימל אַריין, אַקוראַט אין יענעם אָרט, וואו עס פאַרגייט די זון.

לאַנגזאַם לעשט זיך די רויטקייט, ווי אַ פייער אין אַ רויטער לאָמפּ, וואָס האָט שוין נישט קיין נאַפט. די בעל־עגלה׳ס גייען ביים וועג און שמועסן פון דזשעגעכטס, די רעדער סקריפּען אונטער די שווערע וועגנס, די פּאַכאַזשירן טרייסלען זיך, פּונקט ווי זיי וואָלטן זיצנדיק געטאַנצט, און דאָרט ווייט, וואו די ערד שניידט זיך אַריין אין הימל, קנוילן זיך ווייסע נעפּלען און פון דידאָזיקע נעפּלען שפּראָצט־אַרויס די ערשטע אָוונט־טונקלקייט. ווי אַ רויך שפּרייט זי זיך שטיל און גנב׳יש צווישן הימל און ערד וואָס ווייטער אַלץ געדיכטער און געדיכטער, און פּלוצלינג עפנט דער הימל אַ גאָלדן אויג און קוקט־אַראָפּ דורך אים גלייך אויף דער ערד, פּונקט ווי ער וואָלט געזוכט אויף איר אַ פאַרלוירענע זאַך. דאָס איז דער אָוונט־שטערן.

די לעצטע רויטקייט זעט נאָך משה׳לע אויף די שינעס פון אַייזנבאַן, וואָס לויפן ווי פאַרבלוטיקט אין די טונקעלע וואַלן פון אָוונט. פאַר די שינעס שטייט אַ שלאַגבוים מיט געמאָלטע סלופּעס — ווייס־בלאָ־רויט, און דערביי זינקט אַ רויט הייזל אין געדיכטע קאַרשנביימער און קוקט מיט אַ צונגער־רויט פענסטער אין דער שטומער ווייטקייט אַריין. דאָס איז די לעצטע רויטקייט, וואָס ווערט באַלד פאַרשכּירט אויף גראָ־שוואַרץ. צו דעמדאָזיקן הייזל ציען זיך אויך טעלעגראַפן־דראָטן, פּונקט ווי זיי וואָלטן אים איינגערוימט אַ סוד.

וויפיל נייעסן, וויפיל אינטערעסאַנטע זאַכן די שטאָט זאָל נישט האָבן, איז עס אָבער אַלץ אַ גאָרנישט פאַר משה׳לען אין

פאַרגלייך מיט דעם פאַרבנשפּיל פון די פעלדער און דעם ליכט-טויש פון די הימלען. אָבער פאַראַן דאָ נאָך אַ זאַך, וואָס איז נאָך אינטערעסאַנטער און ציִענדיקער פונ׳ם פאַרבנשפּיל: דאָס איז דער סוד פון דער נאַטור. ווי מען זאָל נישט קוקן — צי אויף די פעלדער, צי אויפ׳ן הימל, זעט מען ווײַלעווײַז, ווי דאָרט ווערט עפּעס געענדערט. עפּעס ווערט דאָרט ווײַלעווײַז געבוירן און געשטאָרבן. אָבער ווי מען זאָל נישט אָנשטרענגען דעם מח און דאָס אויג, קאָן מען פאָרט נישט וויסן וואָס. און נישט דאָס ווינטעלע איז בלויז ווינטעלע און נישט דאָס וואָלקנדל איז בלויז וואָלקנדל און נישט אפילו דאָס גרעזל איז בלויז גרעזל. זיי זענען, אויסערדעם, נאָך עפּעס; אָבער מען קאָן נישט וויסן וואָס. זיי האָבן עפּעס אַן אומבאַקאַנטע שליחות און זענען דורכגעוועבט מיט סודות. פון יעדן גרעזל שפּראָצט אַ סוד און אין יעדן וואָלקנדל שפּילט עפּעס אַ געהיימניש. און נאָכמער: זיי אַלע זענען באַהעפט, פאַרייניגט צווישן זיך, און זיי פאַרשטייען זיך אײנאַנדער אויף אַ באַזונדער לשון — זייער לשון.

די סודות, וואָס שווימען-אַרום אין דעם יונגן אָוונט, זענען גרעסער פון משה׳לעס מח׳ל און ער שפּירט זיך מיד פון אָנ-שטרענגונג און טראַכטן, און מאַכט-צו די אויגן. די פעלדער און דער הימל גייען דעמאָלט אַרײַן אין אים און ער קוקט אויף זיי מיט צוגעמאַכטע אויגן און פאָרט מיט זיי אויף דעם לאַנגן וואָגן. ער זעט זיי אין זיך אַקוראַט אין דעם אייגענעם פאַרב און ליכט, ווי אין דער מינוט בשעת ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, און דער-דאָזיקער צושטאַנד איז אַזאַ מאָדנער, פונקט ווי משה׳לע וואָלט עטוואָס שיכור געווען. און דעמאָלט שפּירט ער, אַז ער הערט אויך אויף צו זיין בלויז מענטש, אַז ער איז, אויסערדעם, נאָך עפּעס, וואָס האָט אַ שייכות צו די וואָלקנדלעך און צו אלץ, וואָס זיין אויג זעט אין דער נאַטור.

פאַמעלעך דרעמלט משה׳לע אײַן, אָבער מיט יענעם לייכטן דרעמל, ווען מען הערט וואָס מען רעדט, ווען דער מח טראַכט און עס דאַכט זיך אַז מען באַוועגט זיך און מען זעט. אָבער דער דרעמל שטאַרקט זיך, און אַז משה׳לע כאַפּט זיך אויף, דערזעט

ער פלוצלינג אַן אויסגעשטערנטן הימל, וואָס הענגט איבער׳ן קאָפּ ווי אַ שוואַרצע דעקע מיט גאָלדענע גלעקעלעך. פערד און וואָגן שטייען נעבן אַ שוואַרץ הייזל מיט ליכטיקע פענסטער, וואָס ליגט אין דער זומערנאַכט ווי אַ שוואַרצע קאַץ מיט געלע גלעזערנע אויגן. אין דער ברייט־אָפענער טיר שטייט קושע מיט דעם רייזע־טאַש אויפ׳ן בויך און מיט דער בייטש אין דער האַנט און שרייט צו דעם צווייטן בעל־עגלה:

— שלים־מזל, וואָס קוקסטו! כאַפּ די קופּע היי... קיינער זעט נישט...

די ווייבער־פּאַסאַזשירן דרייען זיך אַרום הייזל, ווי קעלבער אַן אַ פּאַסטוך, און די פערד האַלטן די קעפּ אין שוואַרצע טאָרבעס און קייען מיט אַ מאָדנעם טעמפּן קלאַנג. נישט ווייט פון הייזל שלאָפט אַ וואַלד. דיביימער שטייען געטוליעט צו אייננאַנדער און איבער זיי ליגט די נאַכט אַ שוואַרצע און אַ וואַרעמע, פּונקט ווי אַ מוטער איבער קינדער. אַז מען זאָל איצט, צום ביישפּיל, יעקגיין טיף אין וואַלד, קאָן מען זיכער קומען צו אַ גלעזערנעם פּאַלאַץ מיט אַ שלאָפנדיקער בת־מלכה, אָבער פריער קאָן מען אָנבאַגעגענען אַ בער, צי אַן אַנדער חיה, וואָס קאָן נאָך אַיינבייסען ביז טויט. ווי קומט מען אָבער פאָרט צו דעמדאָזיקן גאָלדענעם פּאַלאַץ? דאָס איז אַ פיינגלעכער פּאַרדרוס: פאַר די אויגן ליגט אַן אוצר און מען קאָן נישט צוקומען צו אים. לויט זלמנ׳ס מעשה׳לעך געפינט זיך דער גאָלדענער פּאַלאַץ נאָר אין דעם וואַלד. וואָרום אָט איז דאָס בערגל פון יענעם מעשה׳לע, און אָט איז דאָס הייזל פאַר׳ן וואַלד, און אָט איז דער ברונעם מיט׳ן הויכן שטעקן, און אָט איז אפילו דער וועג, וואָס לויפט־אַוועק לינקס צווישן צוויי שוואַרצע שורות נידעריקע קוסטעס. עס פעלט דאָ נאָר דער רייטער מיט׳ן ביקס אויפ׳ן רוקן און דאָס יינגעלע מיט דער לאַמטערנע. אָבער אַ מאָדנע זאַך: דאָס אייגענע אָרט פּאַסט זיך אויך פאַר ארץ־ישראל. דאָס בערגל קאָן, צום ביישפּיל, זיין דער מוטער רחל׳ס קבר און דער וועג קאָן פירן קיין בית־לחם. דאָרט, ווייטער, שטייט אַ באַזונדער בוים, וואָס זעט־אויס ווי אַ צעדער, און רעכטס,

אין סאָל, ציט זיך דער טייך, אַ בלאַסער, פונקט ווי דאָרט ויאָלט געלעגן אַ לאַנג פּאַפּיר — אין ער קאָן זיין דער ירדן...

באַוועגט פון סוויזנטער מחשבות שפרינגט משה׳לע אַראָפּ פון וואָגן. איף דער ערד באַפאַלן אים פאַרשידענע ריחות: אַ ריח פון היי און פון וואַלד, אין אַ ריח פון זומערדיקן שטויב און פון יאַגדעס, און אַ ריח פון פערד און פון קושען און פון דעם אַלטן הייזל-געהילץ. דידאָזיקע אַלע ריחות זענען שטאַרק ווי ויין, און עס דרייט פון זיי עטוואָס דער קאָפּ. וואו מען זאָל נישט וואַרפן מיט אַן אויג, איז נאַכט אין הימל און שטערן, און פון אַלע זייטן גייט-אויף אַ וואַרעמקייט און אַ שטילקייט און די מענטשן זעען-אויס ווי שוואַרצע שאָטנס און מען הערט נישט זייערע טריט. און נאָר די ליכטיקע פענסטער פון׳ם הייזל קוקן ווי געלע גלעזערנע אויגן ביי אַ שוואַרצער קאַץ, און זיי שטערן דאָ עטוואָס דעם טאָן פון דער נאַכט.

אויס׳ן שוועל פון הייזל באַווייזט זיך קושע, פונקט ווי אין אַ שוואַרצער ראַב, מיט אַ גרייסן ביסן אין מויל, און ער קייט אויך מיט אַזאַ קלאַנג ווי די פערד.

— דו, קליינער, — גיט ער באַסיק אַ זאָג — עסן ווילסטו?...

משה׳לע הייבט-אויף דעם קאָפּ. לויט׳ן טאָן פאַרשטייט ער, אַז דאָס איז געזאָגט געוואָרן צו אים, אָבער ער ענטפערט קורץ:

— ניין...

— פאַרוואָס ווילסטו נישט עסן?

— איך וויל נישט...

— עפּעס זעסטו מיר אויס פון די קלוגע, פון די יעניקע... ווי רופט מען דיין טאַטן, האַ? — דרייט זיך קושע לאַנגזאַם אויס, ווי אַ פערד, און גייט-אַריין צוריק אין הייזל, נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער.

משה׳לע כאַפּט זיך דערווייל אַריבער אויף יענער זייט הייזל. דאָרט שטייט אַ קליין אָפן שטעלכל מיט שלאָפנדיקע ווייסע ציגעלעך, און אַ בהמה, וואָס ליגט נעבן זיי, הייבט-אויף דעם קאָפּ און קוקט אים אָן מיט גרויסע שוואַרצע פרעגנדיקע אויגן. פון ערגעץ וואַקסט-אויס, אָהן אַ שום שאָרך, אַן אַלטער גומער הונט, פונקט ווי

אַ מענטש, וואָס אים שלאָפט זיך נישט, און שמעקט אים לאַנגזאַם אַרום ביי די פיס, פונקט ווי ער וואָלט זיך וועלן דערמאָנען, צי ער קאָן אים, צי נישט. און פּלוצלינג דערהערט זיך פון דעכל אַ קוואָקעניש פון הינער, פּונקט ווי אינדערווייטנס וואָלטן זיך וויי־בער בייז איבערגעשמועסט און דער אַלטער דאָרפסהונט הייבט־אויף צום דעכל דעם קאָפּ מיט עפעס אַ מינע פון ביטול. נאָכדעם נעמט ער זיך פון דאָסניי אַרומשמעקן משה׳לען און דאָס ייִנגל גלעט איםביים קאָפּ, וואָס איז באַדעקט מיט אַלטע האַרטע פאַר־שטויבטע האָר. פון שטומען שלאָפנדיקן וואַלד קומען פאַרשטיקטע קלאַנגען און אין ראַנד פון טונקעלן הימל גנב׳עט זיך אַריין אַ בלאַסקייט, פונקט ווי די נאכט וואָלט דאָרט געעפנט אַ פענסטערל אין טאָג אַריין.

— האַוו, האַוו, האַוו!... — גיט זיך דער הונט ראַפּטום אַ ריס פון אָרט און האַקט זיך אָבער אָפּ מיט אַמאָל: קענטיק, פון אַלטקייט אַ טעות געהאַט און אָנגענומען אַ בוים פאַר אַ הויכן גייענדיקן מענטשן.

נאָר באַלד דערויף דערהערט זיך קושעס זאַטער געדיכ־טער קול:

— עולם, וואו זענט איר, מיר פאָרן...

דער הונט, וואָס פאַרשטייט שוין, אפנים, קושעס לשון, גיט אַ קראַך מיט אַ הינטערשטן פוס דעם קאָפּ און גייט־אַוועק אָן אַ זייט, ווי איינער זאָגט: וואָס האָב איך מיט דיר וואָס צו טאָן, אַז דו פאָרסט דאָך אַוועק.

און אָט פאָרט משה׳לע פון דאָסניי אונטער אַ הימל מיט גאָלדענע גלעקעלעך, וואָס ציען זיך אויף צוריק, און אַז מען זאָל זיך גוט אָנשטרענגען, קאָן מען הערן ווי דידאָזיקע גלעקעלעך קלינגען שטיל־שטיל... וואָס ווייטער מען פאָרט, אַלץ צוגעפּאַסטער זענען די ערטער צו זלמנ׳ס מעשה׳לעך. אָט איז גאָר אַ הויכער באַרג, וואָס ליגט פאַרהילט אין נאַכט און איז עטוואָס באַשפּריצט מיט׳ן ליכט פון די שטערן. פון הינטער דעמדאָזיקן באַרג שווימט שטיל און פאַרבאָרגן אַרויס אַ קליין ווייס מויערל מיט שוואַרצע פענסטער און באַלד דערויף דערהערט זיך אַ באַסיק בילן פון

אַ הונט אויף אַ קליינעינדיקער קייט. אָט איז אַ קליין טייכעלע מיט אַ בריקל און דערבײַ ציט זיך אַ דאָרף מיט צוויי לאַנגע שורות הייזער. אין דאָרף שלאָפן אַלע, נאָר פון צווישן די שיטער בײַ קאַנעס קוקן הינט מיט בייזע פײַערדיקע אויגן און מיט שנייווייסע בלישטשענדיקע ציין.

די נאַכט זיס איר ווייכע שוואַרצקייט איבער אַלע עקן פון דער וועלט, און אַמאָל דאַכט זיך משה׳לען, אַז דאָס איז אַ שוואַרצע געשטאַלט, וואָס טרינקט שוואַרצן ווײַן פון אַ שוואַרצן בעכער. אַמאָל, ווידער, דאַכט זיך אים, — אַז דאָס איז אַ שוואַרצע געשטאַלט מיט שוואַרצע לאַנגע צעבלאָזענע האָר, וואָס שטייט צווישן הימל און ערד מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און זוכט עפּעס אַרום זיך. נאָר גוט און זיס איז אין דער נאַכט, ווי עס איז גוט און זיס אין אַ מעשה׳לע אָדער אין דער ליבשאַפט צו שיינדעלען. טייל מאָל אָבער דאַכט זיך משה׳לען, אַז ער האָט נישט קיין עבר אין דער נאַכט, אַז ער איז אײַנזאַם און אַליין, ווי אַ גרעזל, ווי אַ בוים, אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען און אפילו אָן שיינדעלען. דאָס פריערדיקע איז מיטאַמאָל איבערגעהאַקט געוואָרן און עס איז בלויז דאָ דאָס איצטיקע, דאָס הײַנטיקע — דאָס פאָרן אויף דער גרויסער וועלט, וואָס האָט קיין אָנהויב און קיין סוף נישט. און דערין, אַז עס איז טאַקע נישטאָ קיין אָנהויב און קיין סוף, האָט אים איצט באַזונדערס איבערצייגט זײַן נסיעה. פּאָרט ערגעץ אַ משה׳לע אין אַ לאַנגן וואָגן צווישן פעלד און וואַלד און ער געהערט צו קיינעם נישט און קיינער געהערט צו אים נישט. און פון זײַן ע[illegible] איז אים נאָר געבליבן זײַן נאָמען משה׳לע. אָבער באַלד דער[illegible] אַז דאָס איז נישט אַזוי. אמת, זײַן עבר איז אָפּגעהאַקט גע[illegible], אָבער ער געהערט דער נאַכט. ער געפינט זיך אײַנגעוויגט אין איר רשות, ווי אַן אָדלער־ל אונטער די ברייטע פליגלען פון זײַן מוטער, ווי אַ קליין פישעלע אין אַ וואַסער, און זי היט אים זיכער באַהיטן און באַשירמען פון אַלדאָס בייז און שלעכטס. אָבער זי מוז אים באַהיטן און באַשירמען, ווייל ער איז אַ ייִדיש קינד און זי איז אַ טייל פון גאָט... אין דער נאַכט איז אויך פאַראַן גאָט.

אין די סאַמעטענע האָר פון דער נאַכט טריפט פּלוצלינג אַריין עפּעס אַ גראָע ליכטיקייט און מען ווייס נישט פון וואַנען, פּונקט ווי אין הימל וואָלט געעפנט געוואָרן אַ קליין לאָדנדל. אַ שורה שטערנדלעך, וואָס משה'לע האָט פריער לאַנג געקוקט אויף זיי, איז מיטאַמאָל פאַרשוואונדן געוואָרן טיפער אין הימל אַריין. דאָרט ביים ראַנד פון דער ערד קנוילט זיך אַ רויטער נעפּל און עפּעס שטאַרבט-אָפּ און עפּעס ווערט געבוירן. די גראָע ליכטיקייט הייבט ווידער אָן טריפן גאָר אין אַן אַנדער זייט, וואו עס איז פריער שוואַרץ געווען, און דער רויטער נעפּל צעוואַקסט זיך. פונ'ם רויטן נעפּל שיילט זיך אויס אַ רויטער ברעג הימל, אָבער די רויטקייט איז אַ פאַרשלאָפענע, אַן אומעטיקע. אַלץ איז עפּעס ערנסט און אומעטיק, ווי פאַר אַ גרויסער געשעעניש. די גאָלדענע גלעקלעך ווערן בלאַסער און בלאַסער און רוקן זיך טיפער אין הימל אַריין. פאָרנט, רעכטס און לינקס ווערן פאַוואָליע אויפגע־דעקט בלאַסע און גרינע פענסטערלעך הימל, פאַרשלאָפענע נעפּל־דיקע פעלדער, זאַמדיקע שטומע טאָלן און איינציקע גראָז־שטרויזעכלעך פון פויערשע הייזלעך. טויזנטער און טויזנטער בלאַסע פענסטערלעך ווערן שטיל און אומבאַמערקט געעפנט אין הימל, און די נאַכט ציט זיך אַוועק אַ שוואַכע, אַ שטילע, פּונקט ווי אַ געשלאָגענע. קליינע שטיקעלעך נאַכט ליגן נאָך פאַרגעסענע אונ־טער די בערג, אין די קוסטעס, אָבער דאָס שטרענגע בעגינען־ליכט באַפאַלט זיי ווי אַ חיה און דערשטיקט זיי אונטער זיך. פאַראַן עפּעס צער און ווייט אין דער אַוועקגייענדיקער נאַכט, וואָס קומט מיט אַזויפיל מאַכט און גלאַנץ. זי איז ענלעך צו אַ שיינער רייכער פרוי, וואָס קומט־צופאָרן אין קאַרעטן, פטר'ס אירע אוצרות און פאָרט־אַוועק, אַ באַליידיקטע און אַן עלנדע אויף אַ גראָ ווע־געלע, אין אַ ווייטן לאַנד, און קיינער באַווייזט זי נישט. זי פאָרט־אַוועק איילנדיק, ווייל עמעץ טרייבט זי, און מאַנכע זאַכן פון איר פריערדיקער עשירות ליגן נאָך דאָ און דאָרט צעוואָרפן איבער דער ערד.

דער ראַנד פון הימל רויטלט זיך, נאָר אין גראָז איז שוין ליכטיק, און קלאָרע טויעלעך שמייכלען אַרויס, ווי גליקלעכע פרי־

באָרגן־טרערן, ווי שנעל דער טאָג גייט. ער גייט האַסטיק גראָב, זעלנעריש, פּעסט אין זיכער, און עס דאַכט זיך, אַז מען הערט זיין אָטעם און זיינע שווערע טריט. ער גייט מיט אַ ליכטיקן בע־זעם אין דער האַנט און פאַרקערט אָן רחמנות די לעצטע טונקעל־זיידענע שפּירן פון דער שטילער לייכטער נאַכט. האַרט און שטרענג רייסט ער זיך אַריין אין די מלוכה פון איר שטילקייט, היפּש־אַרויס דאַרט אַ צעמישעניש, באַגיסט אַלץ מיט קולות און באַוועגונג און קערט אַלץ איבער קאַפּויר. ער קערט־איבער דעם באַרג, וואָס איז ביינאַכט אַנדערש געלעגן, דרייט־אום דעם בוים, וואָס איז פריער אַנדערש געשטאַנען, און שטעלט־איבער די פעל־דער און די וועלדער און דעם טייך און אפילו דעם וועג, איבער וועלכן משה'לע פאָרט. אַלץ איז פאַרענדערט און איבערגע־מאַכט — יעדעס גרעזעלע, יעדעס ביימעלע, יעדעס בערגעלע און יעדעס שטיבעלע, און עס איז נאָר אַ וואונדער, ווי שנעל דער טאָג מאַכט־דורך די דאָזיקע גרויסע אומבאַגרייפלעכע אַרבייט.

דרייסן איז שוין העכער טאָג, נאָר די זון איז נאָך רויט, און זי שטייט איבער הימל ווי אַ מאַט־רויטער פלאַם, ווי אַ רויטע פאַמטערנע, צוגעבונדן אויף אַ שנירעלע. אומבאַקאַנטע פייגל פליען איבער דעם וועג און וואַרפן אַראָפּ אַ טרעל פון דערווייטן, ווי אַ קאַלירט געלעזערן קיילעכל. פון די הייזלעך און דערפ־לעך שווימען פליצלינג אַרויס ווי פון אונטער דער ערד, שפּרינגען־אַרויס איינציקע פייערן אין גראָבע לייוונטענע העמ־דער און ווערן תיכף פאַרפאַלן אין די פאַרטראַכטע תבואה־פעל־דער. יעדעס דאָרף, וואָס מען פאָרט פאַרביי, גיסט־אָפּ האַסטיק און אָפּגעהאַקט מיט די קולות פון הינט, הינער און חזירים, און אומעטום וואו עס הייבט זיך אַ שטויב פון דער ערד, בלייבט אַדער רויטלט זיך אַ ווייט פון אַ בהמה. עס גייען טשערעדעס אויף פּאַשע, עס סקריפּען פּרעמדע, ניעם בעל־עגלה'שע וועגעלעך, עס קרעכצן די לאַנגע שטעקנס פון די ברונעמער און פון מאַנכע קיכענדלעך שפּראָצט אַרויס אַ בלאָער רויך, ווי אַ שלאַנקער לופט־בוים. אָבער דאָס אַלץ האַלט פעסט דער טאָג אין זיין קילער פרי־

מאָרגן־האַנט, פון וועלכער זיי וועלן שוין, דאַכט זיך, קיינמאָל נישט אַרויספאַלן.

די ערד וויקלט זיך און וויקלט זיך אונטער די רעדער ווי אַ ריזיקער קנויל, וואָס עמעץ דרייט פון אונטן, און פאַר די אויגן קומען אַלץ נייע בילדער, נייע פעלדער און וועלדער, נייע וועגן און דערפער מיט קליינטשקע איינזאַמע קלויסטערלעך. טיילמאָל קומען פאַר די אויגן אַזוינע אויסטערלישע לאַנדשאַפטן, אַזוינע מאָדנע אייגנאַרטיקע ווינקעלעך און שטעגעלעך, וואָס משה׳לע האָט זיי געזען אַמאָל אין חלום אָדער אין זלמנ׳ס אַ מעשה׳לע, און דעמאָלט דאַכט זיך אים, אַז ער איז דאָ געווען און נישט געווען, אַז זיי זענען באַקאַנט און נישט־באַקאַנט. על־פּי־רוב זענען דידאָזיקע ווינקעלעך און שטעגעלעך זייער שטילע, רוהיקע און אומשולדיקע און עס דאַכט זיך, אַז גאָט גייט איבער זיי, באַלד ווי ער לאָזט זיך פאַרבאָרגן אַראָפּ פון הימל. פאַראַן שטעגעלעך מיט אַ שטיל וואַסערל, פאַראַן בערגעלעך מיט אַן איינצלנעם ביימעלע און פאַראַן מנוחה׳דיקע וואַלד־ווינקעלעך, וואָס ליגן אונטער אַ שווייגנדיקן שאָטן, ווי אונטער אַ זיידענעם פליגעלע. קיין מענטשלעכער פוס טרעט נישט איבער זיי, קיין מענטשלעכער קול שטערט זייער שטילקייט נישט און זיי אַלע חלומ׳ען אַ שטילן גאָט־חלום. דורך זיי קאָן מען אפשר אַרויף אויפ׳ן הימל און דורך זיי קאָן מען אויך פון הימל אַראָפּ אויף דער ערד.

קוקנדיק אויף דידאָזיקע ווינקעלעך, פאַרוועלט זיך משה׳לען דאַוונען, און ער הייבט־אָן זאָגן פון מה־טובו מיט אַזאַ שטילן און האַרציקן טאָן, פונקט ווי מען דערציילט עפּעס אַ זיסן סוד פאַר אַ ברודער. די ווערטער פליסן אים לייכט פון דער צונג, און עס דאַכט זיך אים, אַז גאָט, וואָס איז נישט לאַנג אַרומגעגאַנגען איבער דעם בערגל מיט דעם ביימעלע, איז אַריין צו אים אין וואָגן, האָט זיך אַוועקגעזעצט־נעבן אים און הערט מיט ליבע אויס, וואָס דאָס יינגל דערציילט מיט די ווערטער פון דאַוונען. דאָס דאַוונען הערט־אויף צו זיין אַ לויב צו גאָט, נאָר עס ווערט אַ טיפע דאַנקבאַרקייט פאַר דער נאַכט, פאַר די שטערן און פאַר די זיסע

שפּירונגען, וואָס דאָס ייִנגל האָט איבערגעלעבט. און נאָכדעם, אַז ער ענדיקט, קוקט ער זיך אַרום, פּונקט ווי ער וואָלט זיך צעזעגנט מיט גאָט, וואָס גייט צוריק אַרויף אויפ'ן בערגל מיט'ן ביימעלע, און ער קוקט אים נאָך אַ גליקלעכער און אַ רואיקער.

די זון איז שוין נישט מאַט-רויט. איצט איז זי שוין אַ גאָלדן אימפּעט-פערד, אויף וועלכן עס רייט הילכיק דער טאָג מיט אַ לאַנגער שטראַלן-בייטש אין דער האַנט, און אָפּטערס כאַפּט די ערד אַ הייסן פייַערדיקן שמיץ.

אָבער דאָס פייַער שטאַרקט זיך. עס דאַכט זיך, אַז עס איז קיין לופט נישטאָ, נאָר בלויז ווייס פייַער, וואָס שטייט צווישן הימל און ערד, און דער הימל דעקט עס צו, עס זאָל נישט אָפּקילן. משה'לע מאַכט-צו די אויגן פון היץ אין ליכט, וואָס דרינגען אים אַדורך דעם שאַרבן פון קאָפּ. דער לאַנגער בעל-עגלה'שער וואָגן גייט ווי אין אָפענעם פייַער, און אַלץ ברענט: קושע ברענט און די ווייַבער-פּאַסאַזשירן ברענען און דאָס פערד ברענט. אָבער עס איז דאָך אָנגענעם און דער תענוג פון פאָרן איז נאָך גענוג שטאַרק. פאַראַן נאָר איין פעלער: דאָס ליכט איז געוואַלטיק גרויס און לאָזט נישט האַלטן אָפן די אויגן. אָבער מיט צוגעמאַכטע אויגן קאָן מען אויך אַלץ זען און נאָך אפשר בעסער, ווי מיט אָפענע.

בייטאָג שטעלט מען זיך ווידער אָפּ פאַר אַ קיל וואַסערל מיט אַ קליין נידעריק הייזל. פאַר דער טיר פון הייזל שטייען צוויי קליינע פויערשע מיידעלעך מיט ווייסע האָר און מיט פינגער אין די מייַלעכלעך. איינס פון זיי צעלאַכט זיך פלוצלינג און אַנטלויפט און דאָס צווייטע זעצט זיך אַנידער אויף דער ערד און נעמט וואַרפן שטיינדלעך אין וואַסער אַריין. אויפ'ן שוועל באַווייזט זיך אַ גרויסער סאָלידער הונט, די פאָדערשטע פיס אויסגעצויגן, דער קאָפּ אויפגעהויבן מיט אַזאַ מינע, פּונקט ווי ער וואָלט זיך רואיק באַדאַכט, צי דער עולם מיט די פערד זענען אָנשטענדיקע צי נישט. פון ערגעץ שפּרינגט-אַרויס אַ קעלבל און לאָזט זיך אַוועק איבער'ן פעלד מיט אַ פאַרריסענעם עק און מיט פאַרבייגטע פיס אונטער'ן בייך, פּונקט ווי עס וואָלט מיטאַמאָל

משוגע געוואָרן פון שמחה. די פערד ציען מיט די אויערן און שמייסן כסדר מיט די עקן די בייסנדיקע פליגן, וואָס לאָזן זיי נישט אָפּ אויף אַ רגע. דידאָזיקע שרעקלעכע בייסער, די פליגן, האָט משה'לע באַמערקט, לויפן נאָך מיט די פערד פון שטאָט אָן און נישטאָ קענטיק קיין שום תרופה צו זיי.

ביים וואַסערל וואַשט זיך משה'לע אָפּ דאָס געזיכט און גע-ניסט עפּעס צום ערשטן מאָל פון זיין קליין פּעקעלע, וואָס ער פירט מיט זיך. קושע, וואָס איז שוין לאַנג אַראָפּ פון וואָגן, דרייט זיך אַרום ביים טייכל מיט אַ ברייטל אין איין האַנט און אַ הערינג אין דער צווייטער. מיט'ן מויל רייסט ער, ווי אַ חיה, שטיקער-ווייז פון ביידן און בעת-מעשה דרייען זיך אים די אויערן, ווי קאָלבעס אין אַ ראָד. דער שווייס רינט אים איבער'ן פּנים, ווי מוטנע רעגנטראָפּנס, אָבער דאָס ברייטעל מיט'ן הערינג ווערן אַלץ קלענער און קלענער.

אין דער גרויסער היץ היט-אָב דאָס וואַסערל זיין קילקייט, און עס שלענגלט זיך צווישן די פעלדער, ווי אַ שטיק צאַפּלדיק זילבער. עס איז גוט צו ליגן דערביי מיט צוגעמאַכטע אויגן און זיך צוהערן, ווי עס ברומען אין גראָז פאַרשידענע פליגעלעך און ווי אַ וועלכעלע גיט וואו-נישט-וואו אַ וואָרקע צום ברעג, ווי אַ טויב. אָבער לאַנג קאָן מען נישט הערן דידאָזיקע קלאַנגען, ווייל זיי פאַרשלעפערן ווי וויין. און משה'לע, וואָס האָט נישט לאַנג צוגעביסן, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אינ'ם פרישן גראָז, וואָס שמעקט עטוואָס מיט וואַסער, און בלייבט ליגן אומבאַוועגט, ווי אַ שטיין.

אַז ער כאַפּט זיך אויף, שפּירט ער, ווי די זון האָט אים אויסגעברענט דעם שטערן; אָבער אויפ'ן וואָגן שטייט קושע, אַ הויכער און אַ שוואַרצער, ציט די לייצעס און דרייט אין דער לופטן די בייטש. משה'לע איז באַלד אויף די פיס און לאָזט זיך לאַנגזאַם-גיין נאָכ'ן סקריפּענדיקן וואָגן.

— פינף מייל, — טראַכט ער — און מען פאָרט אַזוי לאַנג. די וועלט איז אַזוי גרויס...

די פערד ציען די וועגנס מיד און שווער, און ביי די זייטן גייען די בעל-עגלה'ס מיט די בייטשן אונטער די אָרעמס. צווי-

שן זיי באַמבלט זיך אַ קליין בעל־עגלה'לע, כמעט אַ יינגל, מיט אַ לאַנגן פּאַפּיראָס און מויל און מיט אַ היטל איבער די אויגן.

די זון וויל שוין ווערן צוריק אַ רויטע, ווי נעכטן. אַ גאַנצן הימל איז זי דורכגעגאַנגען, און איצט פאַרקירעוועט זי זיך אין יענע הימל־געסעלעך, וואָס פירן צום ראַנד. עטלעכע וואָלקנ־דלעך ווערן באַציימנס רויט און פוצן־אויס אַ וועג פאַר איר. דער טאָג, וואָס האָט זיך אַזוי מעכטיק אָנגעהויבן, האָט אויך אַ סוף, און אין דער דיינער לופט שטאַרבט־אָפּ זיין ליכט צוזאַמען מיט זיין היץ. עס איז נאָך ווייט צו נאַכט, דער פאַרנאַכט איז אפילו נישט געקומען, אָבער דאָך פילט זיך שוין דער קלאַנג פון דער ווייטער נאַכט־קאַרעטע: זי פאָרט ערגעץ אויפ'ן הימל און דער־נענטערט זיך צו דער ערד.

משה'לע זעצט זיך צוריק אין וואָגן. אָבער די פערד הייבן זיך־אויף אויף אַ באַרג. זיי סאָפּען שווער, טראָגן־מיט די בייכער, שאָקלען מיט די קעפּ, ציען די אויערן און שטעלן זיך־צו עטלעכע מאָל פון מידקייט. אָבער אַז זיי קריגן זיך אַרויף אויפ'ן באַרג, וואַקסט־אויס פּלוצלינג אַ קרעטשמע מיט אַ געל יידל אויף דער שוועל. פון די פענסטער קוקן פנימ'לעך פון יידעשע קינדער, און ביי דער פריזבע פון הייזל קלאַפּן זיך אָן מיט די הערנער צוויי ווייסע ציגן.

— הענאַך! — שרייען די בעל־עגלה'ס צום יידל — טראָג אונדז אַרויס צו גלעזעלעך... אַ שרעקלעכע היץ הייַנט געווען. קוים דערפאָרן.

הענאַך קומט באַלד אַרויס מיט אַ גרינגלעך פלעשל שנאַפּס און אַלע בעל־עגלה'ס טרינקען פון איין גלעזל. דער לעצטער טרינקט דאָס יינגל און פאַרקרימט זיך פונקט ווי די גרויסע. ער איז צופרידן, וואָס ער האָט גראָבע שמוציקע הענט, גרויסע שטיוול, אַ בייטש אונטער'ן אָרעם און אַ היטל איבער די אויגן.

— און עפּעס צובייסן ווילט איר נישט? פרעגט הענאַך און קוקט אויף די ליידיקע פלאַש אין דער האַנט.

— וואו, אָט איז דאָס שטעטל, — זאָגט קושע און ווישט־אָפּ ביט'ן אַרבעל די וואָנסן.

משה׳לע הייבט-אויף די אויגן און זעט פון ווייטן קליינע הייזלעך, וואָס ליגן ווי אַ סטאַדע גראָע שעפסן מיט אַ שפּיץ פון אַ קלויסטערל אינמיטן. פון ביידע זייטן שטייען צוויי וועלדער, איינגעהילט אין אַ בלאָען רויך. משה׳לען גלויבט זיך נישט, אַז דאָס איז דאָס שטעטל: עפּעס איז עס ענלעך צו אַ דאָרף, וואָס ער איז שוין איינמאָל פאַרבייגעפאָרן. אָבער די ווייבער-פּאַסאַזשירן מאַכן זיך צורעכט די טיכלעך אויפ׳ן קאָפּ, ציילן-אויס מיט די אויגן די פּעקלעך, וואָס זיי פירן און קוקן, מיט אומרואיקע צופרידענע בליקן אַהין, וואו עס ליגט די גרויסע סטאַדע שעפסן.

די פערד דערשפּירן די היים און רירן זיך מוטיקער פון אָרט. דאָס געפּעק, וואָס איז צעטרייסלט געוואָרן פאַר די פינף מייל, וויל אַראָפּשפּרינגען פון וואָגן. אָבער קיינער קוקט זיך נישט אום דערויף, און קלאַפּנדיק און טראַסקענדיק רייסן זיך אַריין די פורן אין שטעטל אַריין מיט געשרייען און פייפערייַ פון די בעל-עגלה׳ס, און צו משה׳לען שווימען-צו שטילע שמאָלע געסלעך, געל-בערדיקע ייִדן און מעוברת׳ע ווייבער. אַראָפּשפּרינגענדיק פון וואָגן, באַפאַלן משה׳לען צוויי געדאַנקען מיט אַמאָל.

איינער:

— אָפּגעפאָרן פינף מייל און קיין איין גזלן נישט געזען.

און אַ צווייטער:

— דאָ איז דער טאַטע געבוירן געוואָרן...

## גײנטעס קאַפּיטל

משה׳לע צעקושט זיך מיט׳ן פעטער און מיט דער מומען און פון אַ לאַנגער באַנק הייבט זיך־אויף אַן אַלטיטשקע ייִדענע מיט די הענט אין דערהייך און מיט אַ קליין אַלט שאָקלענדיק קעפּעלע צווישן די הענט און פאַלט אים אַרויף דושנע און ווייך, ווי אַן אַלט קישן. אַ ווײַלע איז שטיל, פונקט ווי די אַלטע וואָלט גע׳חלש׳ט, און דערנאָך קושט זי אים אויפ׳ן בעקל מיט איר אַײנגעשרומפּן פּנים׳ל און די צוויי בײנערדיקע הענטלעך דריקן אים פון רוקן צו דער ברוסט. אָבער אַז משה׳לע באַפרייט זיך, דערשרעקט ער זיך פאַר איר אַלטקייט. עס דאַכט זיך, אַז דאָס לעבן האָט זיך שוין לאַנג אַרויסגעגאָסן פון איר, ווי פון אַ צעבראָכענער כּלי, און עס גייט נאָך אַרום אויף דער וועלט אַ פאַרגעסענער גוף, פונקט ווי ער וואָלט אַרויס פון אַ קבֿר. אין די אויגן שפּראָצט נאָך אַן אַלט שטאַר פייערל און עס שמעקט פון איר מיט יענער וועלט. דאָס קליידל, וואָס זי טראָגט, איז אויך אַן אַלטס, ווי זי, אָבער עס איז ריין און דאָס סאַמעטענע טשעפּעקל אויפ׳ן קאָפּ האָט נאָך אַ גלאַנץ.

— זעץ דיך... זעץ דיך... זאָגט זי מיט אַ קייענדיקן לשון: — זעץ דיך. דו ביזט דאָך מיד...

אין האַנט האַלט זי אַ שטעקן, אויף וועלכן זי שפּאַרט זיך אָן, און זי מאַכט אַ טריט אָדער דרייט זיך אויס, ווי אַ טישל אָדער אַ שטול. אַז משה׳לע קוקט זיך בעסער צו צו איר, דער־קענט ער אויף איר דעם טאַטנס נאָז און דעם טאַטנס שטערן. אָבער ביידע זענען שטאַרק אײַנגעשרומפּן און זענען ענלעך צו אַן אָפּ־געבאַקטער קאַרטאָפל.

— און דער טאַטע וואָס מאַכט... און די מאַמע... — קײַט זי די ווערטער און רוקט זיך צו משה׳לען מיט׳ן ריח פון יענער וועלט.

אין שטוב באַוועגט זיך דער פעטער, מיט אַ שטעקעלע אין האַנט, מיט אַ ווייסן קראַגן אויפ׳ן האַלדז און מיט אַ זמר׳ל אונ־טער דער נאָז. ווײַלעווײַז גייט ער אַרײַן און אַרויס, אָבער מען הערט נישט זײַנע טריט, פּונקט ווי ער וואָלט געהאַט פיס פון וואַטע. זײַן באָרד איז אַ געלע, ווי בײַ אַלע שטעטלשע ייִדן, די הענט דינע, אין די וואָגבסן אַ שמייכעלע, אין די אויגן אַ פײַערל, אין נאָז אַ זמר׳ל. דאָ איז ער בײַם פענסטער, דאָ בײַ דער טיר, דאָ אינמיטן שטוב, און דאָס אַלץ קומט־פאַר אָן אַ שום שאָרך, אָן אַ גערויש, פּונקט ווי ער וואָלט געשוואומען אין אַ וואַסער. פון צייט־צו־צייט גיט ער אַ שווים צום קאָמאָד, נעמט דאָרט אַ קעמל און פאַרקאַמט זיך די געלע באָרד פאַר׳ן שפּיגל, וואָס הענגט דערבײַ אויף דער וואַנט, און שווימט באַלד אַוועק צו דער טיר. פון דער טיר שווימט ער תיכף צוריק, שטעלט זיך־צו נעבן משה׳לען מיט אַ זמר׳ל אין נאָז און גיט פּלוצלינג אַ פרעג:

— נו, דער טאַטע האָט קאַטאַר?..

און צעלאַכט זיך מיט פאַרקוועטשטע אויגן.

און אין שטוב גייט־אונטער די זון אין אַלע פענסטער. רויטע שטראַלן, ווי ווײַן־וואַסערלעך, שפּילן אויף דער פּאָדלאָגע און אויף די ווײַסע ווענט, און דער טיש, שטולן און בעטן שטייען ווי שוואַרצע פלעקן אונטער אַ ראָזער לופט. צוליב דער רויטקייט פון דער אונטערגייענדיקער זון און צוליב דעם שלל פענסטער

אין אַלע פיר ווענט זעט-אויס די שטוב ווי אַ רויטע פּאַפּירענע לאַמטערנע, אין וועלכער עס ברענט אַ ליכט.

דער פעטער רוקט זיך אַרויס אין דרויסן מיט אַ זמר'ל אין נאָז און באַלד זעט זיך דורכ'ן פענסטער, ווי ער שווימט אין אַ שמאָל געסעלע מיט זיינע וואַטע-פיס און דרייט פון רחבות ; אַ שטעקעלע אין דער האַנט. אין קיך האַקט עפּעס די מומע מיט גרויס פלייס, קענטיק פאַר'ן גאַסט. אַרום משה'לען דרייט זיך די באָבע, ווי אַ מעכאַנישער מענטש, ווי אַ צוויי-פּיסיקער שטול און פון מויל פאַלן איר קייענדיקע ווערטער:

— אַמאָל, קינד מיינס, אַ גביר'טע געווען... פינפאונדרייסיק בהמות געהאַט... רויטע, ווייסע, שוואַרצע... אין אַ וואַלד געלעבט, אין אַ גרויסן געדיכטן וואַלד, ביים גראַף לאַסקע... אייגענע בינען געהאַט, אייגענע ענטלעך, אַן אַייגענעם טייך... און אַ מיל אויפ'ן טייך... דעם זיידן האָט קיין פויגלמילך נישט געפעלט... אין שטוב האָט גאָלד געזונען, ווי די שררות האָט מען געלעבט... אַי, מיין קינד, מיין קינד!

די קייענדיקע ווערטער פאַלן און פאַלן, ווי ווייכע שטיינדעלעך אויף אַן אָנגעצויגענער טוך. משה'לע קוקט איר אַריין אינ'ם אַלטן פאַרמעטענעם פּנים, און דורך עפּעס אַן אינסטינקט שפירט ער, אַז דידאָזיקע זקנה, פון וועלכער עס שמעקט מיט יענער וועלט, איז דער שטאַם פון יענעם אַלטן בוים, אויף וועלכן ער זיצט ערגעץ אין דער-הייך, ווי אַ קליין גרין צווייגעלע. עס וואָלט געווען גוט זיך אַיינצוזינקען מיט'ן אָרעם אין איר וואַרעמע אַלטקייט אַריין, פּונקט ווי אין אַן אייביקייט, אָבער דידאָזיקע אייביקייט האַלט זיך קוים אויף די פיס און דער קאָפּ שאָקלט זיך איר, ווי אַ הערבסטבלאַט אין ווינט.

— פינפאונדרייסיק בהמות, מיין קינד... — שיטן זיך איר אַלץ די ווערטער פון מויל, וואָס האָט שוין קיין איין צאָן נישט, — קעז און פּוטער און מילך... אויף שבת פלעגט מען שעכטן אַ קעלבל...

די ווערטער שיטן זיך שוין נישט, נאָר זיי פאַלן ווי דושנע וויקל-טיכער, און דידאָזיקע וויקל-טיכער וויקלען און וויקלען אים

אָן אַן אָנהויב און אָן אַ סוף, און מיטאַמאָל דערשפּירט ער, אַז עס פאַרפעלט אים אָטעם און קאַלטע טראָפּנס שווייס טרעטן אים אַרויס אויפ'ן שטערן. מיט די לעצטע קרעפטן, מיט די לעצטע אָנשטרענגונגען רייסט ער זיך אַרויס פון איר כּישוף, דערווייטערט זיך פון איר אויף עטלעכע טריט און דעמאָלט טרעפט ער זיך אָן מיט אירן אַ קוק, וואָס ער וועט אים שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דאָס איז געווען אַ קוק פון אַ דרייאונצוואַנציק־יעריק אויג, אין וועלכן עס האָט זיך פאַרזאַמלט דאָס גאַנצע ביסל לעבן און ליבע פונ'ם האַלב־אָפּגעשטאָרבענעם גוף. און דערדאָזיקער קוק האָט אים אַזוי ווי דורכגעשניטן דאָס אויג און אַריינגעשטאָכן טיף אין דער נשמה אַריין. משה'לע איז געבליבן שטיין אַ פאַרשטיינערטער, און די באָבע האָט זיך אומגעדרייט ווי אַ טישל, און מיט נישט־געבויגטע קני זיך אַנידערגעזעצט אויף דער מיט צעראַטע באַצויגענער קאַנאַפּע.

משה'לע קומט צו זיך, ווען אין שטוב פאַלן־אַריין דעם פעטערס קינדער — צוויי יינגלעך מיט אַ מיידל. אַלע דריי צעקושן זיך שנעל און שטום מיט משה'לען. נאָכדעם שמייכלען די יינגלעך פאַרשעמט, מיט אַראָפּגעלאָזטע רויט־האָריקע קעפּ, ווי ביי אַלע קליינשטעטלשע יידן, און דאָס מיידל שטעלט זיך פּלוצלינג אַוועק פאַר'ן וואַנט־שפּיגל, לייגט־אַריין אַ שפּילקע אין מויל און הייבט־אויף די הענט צו די האָר. אין די אָפענע פענסטער טריפט אַ ווייך ווינטעלע, ערגעץ ברומען מידע בהמות, דאָס גאָנטע קלויסטערל גיסט־אָפּ דעם פאַרטראַכטן דרויסן מיט איינטאָניקע באַסיקע קלאַנגען, די רויטע שטראַלן לעשן זיך און די שטוב ווערט אָנגעגאָסן מיט יענעם וואונדערלעכן ליכט, וואָס איז ענלעך צו אַ וואַסערל אין אַ שאָטן און וואָס האָט די אייגנשאַפט צו לינדערן אַ בייז האַרץ. אין דעמדאָזיקן ליכט קאָן מען אַלץ גוט און דייטלעך זען, אָבער אין דער אייגענער צייט שפּירט מען זיך עפּעס באַשיצט און פאַרבאָרגן אונטער אַ זיידענעם טונקעלן פליגל.

די באָבע דרעמלט מיט'ן שטעקן אין האַנט און די ברוסט באַוועגט זיך איר נישט. אָדער דאָס איז אַ מענטש, אָדער אַ געשטאַלט פון יענער וועלט. מען קאָן נישט וויסן, ווער און וואָס דאָ

זיצט. אָבער פאַרוואָס ציט אַזוי משה׳לען צו איר, פאַרוואָס קאָן ער נישט אָפּרייסן זיינע אייגלעך פון דעם הויפןביינער און דעם גראָבן שטעקן צווישן די קני? פאַרוואָס שניידט זיך אים אַלץ טיפער אין טיפער אַריין אין זכרון איר לעצטער קוק?

פון קיך קומט־אַריין די מומע מיט טיי און צוקער־לעקעכלעך. זי שמורעוועט די ליפּן און רעדט זייער פריינטלעך:

— געניס עפּעס, משה׳לע, געניס עפּעס דערוויילע, שעם דיך נישט...

עס ווערט פינסטער, כאָטש דרויסן איז נאָך צעגאָסן דאָס ליכט, און איבער׳ן צלמ׳ל פון קלויסטערל וואַקסן־אויס דריי נידעריקע קליינשטעטלדיקע שטערנדלעך. דידאָזיקע שטערנדלעך ווינקען צו משה׳לען גלייך אין אויג אַריין, פּונקט ווי זיי וואָלטן אַרויסגעשיקט געוואָרן אויפ׳ן הימל מיט אַ דירעקטער שליחות צו אים, אָבער ער פאַרשטייט נישט זייער לשון. קוקט ער אַרויס צו זיי און זעט, ווי עס לעשט זיך צאַרט און שטיל דאָס לעצטע טאָג־ליכט צווישן די נידעריקע וואָלקנדלעך און ווי לייכטע אָוונט־שאָטנס וויקלען זיך אַרום די הייזלעך און דעם קלויסטערל. די אייגענע שאָטנס וויקלען זיך אויך אין אים און עס ווערט אים וואונדערלעך גוט און רואיק אויף דער נשמה. וואָס עס געשעט וואָלקנדלעך, דאָס געשעט אויך מיט אים, פּונקט ווי אייביקע פעדים וואָלטן אים געבונדן מיט זיי. און מיטאַמאָל דערפילט ער יענע זיסע שפּירונג, וואָס ער האָט שטענדיק ווען ער אָוונט נישט־געאיילט און ריין, ווען זיין האַרץ גיסט זיך אַריין אין די ווערטער, און צווישן די שאָטנדיקע וואָלקנדלעך שווימט־אַרויס שיינדעלעס פּנים מיט פאַרבענקטע אויגן און אים דאַכט זיך, אַז ער הערט אַ ווייט שעפּטשען:

— משה׳לע, זאָלסט מיך ליב האָבן... זאָלסט מיך ליב האָבן...

די באָבע עפנט די אויגן, ווי אַ מענטש וואָס האָט נישט געשלאָפן. זי הייבט זיך אויף פון קאַנאַפּע מיט נישט־געבויגטע קני און גייט־צו צו משה׳לען מיט אַ גוף וואָס לעבט שוין נישט. פּאַמעלעך לאָזט זי אַראָפּ איר קאָפּ צו אים, טונקט־אַיין אין אים

אירע אויסגעלעבטע, אויסגעקוקטע אויגן און רופט זיך אָן צו אים מיט איר קייענדיק לשון:

— נו, וואָס טראַכסטו, מיין קינד?...

און ער דערפילט איר ביינִיקע האַנט ביי זיך אויפ׳ן האַלדז: דער באָבעס קאַלטע פינגער גלעטן אים. משה׳לען דאַכט זיך, אַז דער אַלטער אָפּגעלעבטער שטאַם וויל משיג-זיין דאָס יונגע גרינע ייגעלע.

— איך טראַכט נישט, באָבע... — זאָגט משה׳לע, אַ פאַרשעמ-טער: — איך קוק אַזוי אין דרויסן.

און די באָבע בייגט זיך-צו נאָך נענטער:

— איז דיר אומעטיק?

— ניין...

די באָבע דרייט זיך ווידער אויס ווי אַ טישל, גיים-צו מיט נישט-געבויגטע קני צו דער שוועל פון דער קיך און הייסט אָנ-צינדן די לאָמפּ.

אין שטוב שווימט-אַריין דער פעטער מיט נאָך אַ פעטער, וואָס הייסט חיים, און זיינע קינדער. מען איז געקומען זען דעם גאַסט. דער אַנדערער פעטער איז אויך אַ געלער, אָבער ער האָט זייער אַ ברייטע און זייער אַ לאַנגע גוט-צעקאַמטע באָרד, וואָס ליגט אים אויף דער ברוסט, ווי אַ קליינע געלע קאָלדרע. פון אונטער׳ן שטערן קוקן אים אַרויס צוויי יונגע בלאָע לאַכנדיקע אויגן. אונטער די אַרבל האָט ער מאַנזשעטן, אונטער דער באָרד — אַ מאַנישקע. בכלל מאַכט ער אַן אײַנדרוק פון אַ ייד, וואָס האָט זיך ליב צו פּוצן. אייגנטלעך איז ער שטאַרק ענלעך צו משה׳לעס טאַטן, אָבער ער איז ייִנגער, שענער און רואיקער פאַר אים. ער האָט אויך אַ זמר׳ל אין נאָז, אָבער דאָס איז אַ באַ-שטימט זמר׳ל — די טראָפּ פון דער תורה. ער איז דער שטעטלשער בעל-קורא, און טיילמאָל אין אַ מיטן שמועס, פּאָרט ער פּלוצלינג אַרויס:

— צו את בני ישראל ויקחו אליך שמן זית זך, כתית למאור...

משה׳לען איז ער באַלד, פון דער ערשטער מינוט, געפעלן. די בלאָע אויגן, די גרויסע באָרד, דאָס זמר׳ל אין נאָז און די

רואיקע באַוועגונגען דערוועקן צו זיך עפּעס אַ לייכטע באַציהונג און מען באַדאַרף זיך גאָרנישט שעמען פאַר דעמדאָזיקן ייִד. דאָס איז אַ ייִד, וואָס מען קאָן זיך אים קענטיק אַנידערזעצן אויף די קני, ווי ביי אַן אייגענעם טאַטן, און מען קאָן מיט אים רעדן אַלץ, וואָס עס קומט אויף דער צונג. די ווערטער באַדאַרף ער נישט קלויבן, ווי ער טוט־עס מיט גרויס שווערקייט, בשעת ער רעדט מיט דער מומען אָדער מיט דעם ערשטן פעטער.

— געווען גוט צו פאָרן, האַ? — נעמט ער אים אַריין צווישן די קני און קוקט אים אָן מיט לאַכנדיקע, ייִנגלש־שטיפערישע אויגן.

— איך האָב געזען אַסך וועלדער און טייכן!... זאָגט משה׳לע אַרויס שטיל און ערנסט, פונקט ווי ער רעדט מיט שיינדעלען.

לייגט אים דער פעטער צו צום אויער די לאַנגע באָרד מיט עפּעס אַ ריח פון אַ מאַנסביל און פרעגט זייער שטיל, ווי אַ ייִנגל ביי אַ ייִנגל:

— נו, און אַ בער האָסטו געזען?...

דערהערט דידאָזיקע פראַגע, דערשפירט משה׳לע זייער אַ שטאַרקע נויטווענדיקייט צו זאָגן עפּעס אַ ליגן. פאַרטראַכט ער זיך עטוואָס און רופט זיך אָן:

— איין בער האָב איך געזען... איין בער... נעבן אַ קרעטשמע... איינמיטן אַ וואַלד. ער איז געשטאַנען מיט גרינע גלעזערנע אויגן און...

— און האָט דיך געוואָלט אויפעסן?... כאַפּט־אונטער דער פעטער מיט אַ ייִנגלשן געלעכטער.

און האָט מיך געוואָלט אויפעסן... — זאָגט משה׳לע ווייטער, פילנדיק ווי דער ליגן צעוואַקסט זיך. — האָב איך מיך זייער דערשראָקן. אָבער קושע דער בעל־עגלה האָט גענומען שמייסן דאָס פערד און שרייען און מיר זענען ניצול־געוואָרן...

— אויב אַזוי, האָסטו דאָך געוויס געזען אַ וואָלקעלאַק אויך? — פרעגט ווייטער דער פעטער.

— אַ וואָלקעלאַק? — פאַרטראַכט זיך משה׳לע און שפירט שוין כמעט נישט, אַז די גאַנצע מעשה איז אַ ליגן. — נו אוודאי,

אַ וואָלקעלאַק האָב איך אויך געזען. ער איז געהאַנגען אויף אַ בוים...

— אַליין, צי מיט כּת־לצנים...

— פריער אַליין, דערנאָך מיט כּת־לצנים...

— כאַ־כאַ־כאַ!... — צעלאַכט זיך דער פעטער מיט אַ מאָדנעם פאַרבאָרגענעם און רעטענישליכן געלעכטער, פונקט ווי ער וואָלט מיט׳ן יינגל געפירט עפּעס אַ שמועס פון געהיימע פאַרשווערער.

— אָבער, פעטער, איך האָב געזען אַ מכשפה אויך, — צעשפּילט זיך שוין אין משה׳לען די פאַנטאַזיע: — פאַרטאָג האָב איך זי געזען... פון אַ וועלדל איז זי אַרויס... מיט אַ שוואַרצער טוך איבער׳ן קאָפּ און מיט קרומע פיס...

— פאַרטאָג, זאָגסטו? די הענער האָבן שוין געקרייט?

— ניין, די הענער האָבן נאָך נישט געקרייט...

משה׳לע מיט׳ן פעטער קוקן זיך איבער ווי צוויי פאַרשווערער; דער פעטער קוקט פון אויבן־אַראָפּ, דאָס יינגל פון אונטן־אַרויף. אינ׳ם פעטערס אויגן שפּרינגען־אום שפּיציקע פייערלעך, ווי ביי אַ מענטש, וואָס וויל לאַכן און האַלט זיך איין, אָבער פּלוצלינג פּאַטשט ער משה׳לען אָן אויפ׳ן אַקסל און נעמט לייענען די תורה:

— כּן בנות צלפחד דברת, נתן תתן להם אחזת נחלה...

דער פעטער היים הייבט זיך אויף, און משה׳לע דערשפּירט מיטאַמאָל, אַז ער, משה׳לע, האָט גערעדט נאַרעשקייטן און ליגנס. אָבער ער שעמט זיך עפּעס נישט, עס אַרט אים נישט, פונקט ווי דער פעטער חיים וואָלט געוועזן אַ יינגל, מיט וועלכן עס איז אַזוי גוט צו רעדן נאַרעשקייטן און ליגנס.

דעם פעטער חיימ׳ס קינדער קוקן אויף משה׳לען פרעמד און צוריקגעהאַלטן, אָבער אין דערדאָזיקער פרעמדקייט שפּירט זיך דאָך פאַרבאָרגענע ליבע פון אייגן בלוט. דאָס זענען אַכט שיינע מיידלעך, און משה׳לע ווייס, אַז עס איז פאַראַן נאָך אַ ניינטע, וואָס הייסט טעמעלע. די מיידלעך רעדן און לאַכן און קוקן אויפ׳ן גאַסט. משה׳לע שפּירט, אַז דאָ, וואו זיי זיצן, מוז זיין וואַרעם, אָבער ער שעמט זיך צוצוגיין צו זיי, די מומע טראָגט פון דאָסניי

אַריין טיי מיט צוקער־לעקעכלעך און איבער דער שטוב צעטראָגן זיך צוויי זמר׳לעך: ביידע פעטערס זינגען אונטער דער נאָז. אין דרויסן איז שוואַרץ און אין דערדאָזיקער שוואַרצקייט ליגן קליינע הייזלעך און קוקן מיט ליכטיקע פענסטערלעך, פונקט ווי שוואַרצע קעץ מיט געלע אויגן. אין הימל בלינצלען שטערנדלעך און דאָס ליכט טריפט פון זיי, ווי גאָלדענע שנייעלעך.

משה׳לע טרינקט שוין ווידער טיי צוזאַמען מיט די פעטערס און שוועסטערקינדער. ער זיצט נעבן אַכט בלאָנדע מיידלעך און עס איז באמת וואַרעם נעבן זיי. אַלע אַכט מיידלעך האָבן ווייסע ציין און בלאָע אויגן. בשעת זיי לאַכן, בלענדט דאָס אויג פון דער ציין־ווייסקייט און עס דאַכט זיך, אַז זיי האַלטן שטיקעלעך שניי אין מויל. די פעטערס שמועסן איצט מיט אַ געווייינטער לאַנג־ווייליקייט, וואָס שטערט זיי קענטיק נישט, פון די פיינשטיינס, די רייכסטע פאַמיליע אין שטעטל, פון עליות, פון שדכנות, פון נאַפט, קעלבער און געטריקנטע יאַגדעס. ווילעוויז הייבט זיך אויף די באָבע מיט נישט־געבויגטע קני און דרייט זיך אַרום טיש מעכאַניש, ווי אַ געמאַכטער מענטש. מיט אַלטע אויסגעקוקטע אויגן קוקט זי אָן די קינדער און די אייניקלעך און וואַרפט באַזונדערס וואַרעמע בליקן צו משה׳לען. דאָס ערשטע גלאָז טיי האָט מען איר דערלאַנגט, אָבער זי האָט נאָך אַלץ נישט געטרונקען. איר האַנט, וואָס טראָגט דאָס לעפעלע טיי צו די ליפּן, ציטערט אַזוי, אַז דער טיי גיסט זיך אויס אינגאַנצן און צו די ליפּן קומט אַ טרוקן לעפעלע. פּרובט זי אָנבויגן דעם קאָפּ צו דער גלאָז, אָבער דאָס העלפט אויך נישט: דער קאָפּ שאָקלט זיך אויך אַזוי שטאַרק, אַז די ליפּן קאָנען נישט אָננעמען דעם ברעג פון גלאָז. דעמאָלט ווערט נמאס דער באָבען צו מוטשען זיך, הייבט זי אויף די אַלטע אויגן און קוקט בעסער אויף די קינדער, און אַ שמייכל, אַ לאַנג אָפּגעלעבטער שמייכל פּרובט זיך אַדורכגנב׳ענען דורך אירע אַלטע טויטע ליפּן און דורך דער אַלטער הויט פון פּנים.

— דו ביזט אַלעמאָל אַ שעמעוודיקער? — פרעגט משה׳לען דעם פעטער חיים׳ס עלטסטע טאָכטער.

זי איז אַ הויכע איבערגעוואַקסענע מויד און האָט שוין אַ

אַ חתן. פון אירע אויערן בלישטשען־אַרויס קליינע אוירינגלעך, און ברייט־מאַמעדיק זיצט זי ביים טיש.

— פאַרוואָס שווייגסטו? — פרעגט זי נאָכאַמאָל — זאָג, דו ביזט אַ שעמעוודיקער?

— יאָ... — ענטפערט משה׳לע מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און מיט רויטע פלאַמענדיקע בעקלעך.

די מיידלעך צעלאַכן זיך, אָבער משה׳לע שפּירט פון זיי דעם ריח פון אייגן בלוט. אין אַ ווײַלע אַרום שמועסט ער מיט זיי פון אַ צירק, וואו ער איז קיינמאָל נישט געווען, און ער האַלט זיך גאַנץ פרייַ. מיט יעדער מינוט ווערט ער נענטער צו זיי און זיי נענטער צו אים, און איצט דאַכט זיך אים, אַז דאָס זענען זיינע שוועסטער.

— משה׳לע, מאָרגן זאָלסטו קומען צו אונדז, דו הערסט? — רופט זיך אָן אַן אַנדער מיידל. — מיר וועלן גיין זען דעם טייטש אויפ׳ן שטריק. דאָ וועט גיין אַ טייטש אויפ׳ן שטריק...

— ווען? — פרעגט משה׳לע שטאַרק פאַראינטערעסירט.

— אין אַ פּאָר טעג אַרום. אָבער דו זאָלסט קומען צו אונדז מאָרגען.

— גוט, — ענטפערט משה׳לע און פילט זיך ווי אין אַן אייגע־נער סביבה.

פאַר דער גאַנצער צייט שפּירט מען נישט די מומען. דאָס איז אַ שטילע יידענע, וואָס איז געוויינט צו דער קיך און צו פראַצע. אויף דער באַק האָט זי אַ גרויסע בראָדאַווקע און האַלט שטענדיק אַראָפּגעלאָזט די אויגן און די הענט, ווי אַ האָרעפּאַשנער מענטש.

ביידע גפּלע פעטערס הייבן זיך אויף און קוקן זיך אָן, ווי ייִנגלעך פאַר אַ שפּיל. נאָכדעם נעמט דער פעטער חיים אין איין האַנט דעם שטעקן, די צווייטע, אַ ווייכע און אַ וואַרעמע, דער־לאַנגט ער משה׳לען און זאָגט „אַ גוטע נאַכט". דאָס אייגענע טוען באַלד אַלע אַכט מיידלעך און אַז זיי גייען־אַרויס פון שטוב, ווערט אַזוי שטיל, פונקט ווי פופציק מענטשן וואָלטן מיטאַמאָל פאַר־לאָזט זייערע ערטער און ערגעץ אַנטרונען געוואָרן. די נאַכט איז

דרויסן ווערט אַזוי ווי שוואַרצער, אַרומגעשלאָסענער, דאָס פייער אין לאָמפּ ווערט אַזוי ווי קלענער און דער מומעס העגט קלאַפּן שוין ערגעץ אין שלאָפּצימער איבער קישנס און פּערענעס. אין שטוב איז שטיל און עס שווימט נאָר ארום, ווי אַ גרויסע פליג, דעם פעטערס נאָז-זמר׳ל. זיינע ייִנגלעך זיצן מיט פאַרשלאָפענע אויגן און פאַרקוועטשטע ליפּן און דאָס מיידל שטייט פאַר׳ן וואַנט-שפּיגל מיט שפּילקעס אין מויל און לאָזט זיך פונאַנדער די האָר. פון שלאָפצימער דערגעגט זיך די מומע מיט אירע קלאַפּנ-דיקע הענט. באַלד מאַכט זי אַ ברייט הויך געלעגער נעבן פענסטער און קלאַפּט עס צו. דאָס איז אַ געלעגער פאַר משה׳לען.

— דו וועסט דאָ שלאָפן, משה׳לע, — זאָגט די באָבע מיט איר קייענדיקן קול און גיט אים אַ קוש אין קאָפּ. — ביי אַייך לייענט מען קריאת-שמע פאַר׳ן שלאָף? לייען דאָ אויך, משה׳לע, פויל זיך נישט.

---

## צעכטעס קאַפּיטל.

די באָבע גייט-אַרויס פון צימער פּאַוואָליע, לאַנגזאַם, מיט אירע נישט-געבויגטע קני און דער פעטער מאַכט-צו די פענסטער.

— דו ווייסט, משה-געצעלע, — ווענדט ער זיך פלוצלינג צו משה'לען און לייגט אים צו אַן איבעריקן נאָמן, — ביינאַכט וועט זיין אַ שלאַקסרעגן... אַלע שטערן זענען צעלאָפן געוואָרן, ווי הי-נער פאַר אַ קאַץ...

און צעלאַכט זיך מיט פאַרקוועטשטע אויגן.

משה'לע פאָלגט דער באָבען, און אַז ער לייגט זיך אויף זיין ווייכן געלעגער, מאַכט ער צו די אויגן און לייענט קריאת-שמע מיט אַ ריין האַרץ. נאָכדעם באַפאַלט אים אַ געדיכטע שטילקייט צוזאַמען מיט אַ געדיכטער שוואַרצקייט פון אַ קליינשטעטלדיקער זומערנאַכט און ער ווערט תיכף איינגעשלאָפן. אים חלומ'ט זיך אַ וואָלקעלאַך מיט הינערשע פיס און מיט אַ גרינער צונג, אַ וואַלד מיט דריי בערן און אַכט מכשפות מיט רויטע פייערלעך אין די הענט אין אַ געדיכט שוואַרצער נאַכט, וואָס ליגט פאַר די אויגן ווי אַ באַרג פעך. פלוצלינג שפּרינגט-אַרויף דער וואָלקעלאַך אויף

די מכשפות, פאַרלעשט זיי די פייערלעך אין די הענט און הייבט· אָן קלאַפּן אין אַ פּויק. די קלעפּ זענען אָבער אַזוינע שטאַרקע און שרעקלעכע, אַז די ערד וויגט זיך און זינקט·אַראָפּ, פּונקט ווי זי וואָלט זיך אָפּגעריסן פון איר שטענדיק אָרט און פאַלט·אַראָפּ ערגעץ אין אַ תהום. משה׳לע וויל אויסשרייען, אָבער באַלד רייסט ער אויף מיט כח די אויגן, פּונקט ווי עמעץ וואָלט זיי אים פריער פאַרקוועטשט, און דערזעט מיט אַמאָל, אויף איין רגע, אַ בלענד·ליכטיקן דרויסן, וואָס ציטערט פון אימה׳דיקע קלעפּ, פּונקט ווי מיליאָנען ריזן וואָלטן זיך געראַנגלט אין דער לופטן, און אין דער ליכטיקייט, וואָס איז צעגאָסן אַרום זיין געלעגער, באַ· וועגט זיך עפּעס אַ שוואַרצע פיגור מיט אַ ברענענדיק ליכט אין דער האַנט. אַ ווײַלע דאַכט זיך אים, אַז די ערד זינקט נאָך אַראָפּ, ווי פריער אין שלאָף, און אַז די שרעקלעכע קלעפּ אין דרויסן זענען דעם וואָלקעלאַקס, וואָס קלאַפּט אין פּויק. אָבער די ליכטיקייט ווערט באַלד אַנטרונען, ווי אַ פּאַך פון אַ פליגל, און אַז די קלאַפּעריי ווערט שטילער, דערהערט ער, ווי אַ שלאַקסרעגן, געטריבן פון ווינט, פּאַטשט די פענסטער מיט אַ געוואַלטיקער קראַפט. אַ ווײַלע איז שטאַרקער די קלאַפּעריי, אַ ווײַלע דער שלאַקסרעגן, פּונקט ווי ביידע וואָלטן זיך טוישן איינע נאָך די אַנדערע, און אַלע צוויי מינוט ווערט אָפּגעגאָסן די וועלט מיט אַזאַ אימפּעט·ליכט, אַז מען קאָן זען יעדעס טראָפּעלע רעגן.

עמעץ אַ שוואַרצער, מיט אַ געלער פלאַם פון אַ ליכט, בייגט זיך אָן צו אים, און משה׳לע דערקענט די באָבען.

דו שרעקסט זיך?... — הערט ער איר קייענדיקן לשון צו· זאַמען מיט אַן אָטעם פון יענער וועלט — שרעק זיך נישט... נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן, מיין קינד... גאָט איז אַ גוטער. גאָט טוט אַלץ פון דעם מענטשנס טובה וועגן... שלאָף, שלאָף, משה׳לע, אויב דו ווילסט, וועל איך זיצן נעבן דיר...

משה׳לע ווייס נישט וואָס צו ענטפערן. איין זאַך איז קלאָר, אַז ער שרעקט זיך, און אין דעם שלאַקסרעגן, וואָס איז געמישט מיט דונערן און בליצן, זעט אים אויס דאָס הייזל, ווי אַ פּאַפּיר· הייזעלע וואָס קאָן אַ ליאַדע מינוט אומפאַלן. אים דאַכט זיך, אַז

די ווענט וויגן זיך, אַז די פּאָדלאָגע טאַנצט און די פענסטער בייגן זיך אויס, ווי שטרוי אין אַ ווינט. אויסערדעם פעלן דאָ קיין וואָלקעלאַקעס אויך נישט. אָט שפּרינגט־אום איבער דער וואַנט אַ וואָלקעלאַק מיט אַ גרינער צונג און אַ צווייטער גייט איבער׳ן באַלקן מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ. אונטער משה׳לעס האָר לויפט־אָן אַ קאַלטער שווייס און דער אָטעם האַקט זיך איבער. ער וויל עפּעס זאָגן דער באָבען און קאָן נישט, אָבער אַז ער באַהערשט זיך עטוואָס, רופט ער זיך אָן צו דער באָבען שטיל און איינפאַך:

— באָבע, איך שרעק מיך...

דעמאָלט זעצט זיך אַנידער די שוואַרצע פיגור אויף זיין געלעגער מיט׳ן שטעקן אין איין האַנט און מיט׳ן ליכט אין דער צווייטער. די דונערן און בליצן הערן נישט אויף, דער שלאַקס־רעגן פּאַטשט דאָס הייזל און די ערד נאָך שטאַרקער, נאָך געדיכטער. די וואָלקעלאַקעס מיט די גרינע צינגער מערן זיך און עס גלויבט זיך נישט, אַז דידאָזיקע שוואַרצע פיגור מיט׳ן שטעקן און ליכט אין די הענט זאָל קאָנען באַשיצן פון זיי. אָבער אַ וואַרעמקייט גייט פון איר אויף, אַזוי ווי די וואַרעמקייט פון אַ פּאַר׳עקשנ׳טן שטאַרקן מענטשן וואָס שטייט אויף דער וואַך, און משה׳לע שפּירט, אַז זי באַשיצט יאָ, אַז דער פּחד טרעט־אָפּ. פּאַמעלעך און זאַכט װערט איינגעזונקען זיין יונג און מיד מח׳ל אין דעם שוואַרצן רויך פון שלאָף.

צומאָרגנס שטייט ער אויף געזונט און פריש אין א שטוב מיט אַסך זון, און אַז ער כאַפּט זיך אַראָפּ פון געלעגער און קוקט־אַרויס פון פענסטער, זעט ער, ווי די שטיינער אין גע־סל זענען אַרויסגערוקט פון זייערע ערטער און אַז די ווענט פון הייזער, וואָס שטייען אין שאָטן, זענען באַדעקט מיט גרויסע רעגן־פלעקן. אָבער אויף אַלץ ליגט עפּעס אַ גלאַנץ פון אַ ניי און פרייליך לעבן. הינער, הענער, הינט, קעץ און חזירים און ציגן שפּאַצירן איבער׳ן געסל און זוכן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ אין דער פרישער אויסגעפּאַטשטער ערד. אונטער׳ן הימל דרייען זיך טויבן און שוואַלבן און די לופט איז קלאָר און ריין, פּונקט ווי אַן אויסגעוואַשענע. עס איז אָנגענעם איינצואָטעמען דידאָזיקע לופט,

אין וועלכער עס שפּירן זיך די קילע גראָז-ריחות פון אַ קליין שטעטל.

עס איז נאָך אייגנטלעך גאַנץ פרי, אָבער דער פעטער שווימט שוין אַריין פון גאַס מיט אַ זמר'ל אין נאָז. ער ציט די עקן באָרד און שמייכלט צו משה'לען מיט פאַרקוועטשטע אויגן.

— האָסטו שוין געדאַווענט, משה-ירוחמ'ל? — גיט ער אומגעריכט אַ פרעג און שווימט תיכף ומיד אַריין אין צווייטן צימער.

די מומע בראָקט און קלאַפּט אין קיך, פּונקט ווי אַ מאַשין, און באַלד קומט אַריין די באָבע מיט דעם פעטערס קינדער, און עס הייבט זיך אָן דער טאָג. די נעכטיקע פרעמדקייט איז אַנטרונען געוואָרן, און דעם פעטערס קינדער באַגעגענען אים, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן, אָבער מיט יענעם שמייכעלע אויף די ליפּן, וואָס אַזוי קאָן נאָר שמייכלען אייגן בלוט צו אייגן בלוט.

משה'לע שטעלט זיך אַנידער דאַווענען און סטאַרעט זיך נישט צו טראַכטן פון זייטיקע זאַכן. דאָס איז נישט לייכט. דער קאָפּ און דאָס האַרץ זענען פול מיט אַיינדריקן, וואָס שווימען אין אים גאָר אָן זיין רצון. אָבער אַ שטיק רואיק האַרץ גיט ער פאָרט אַוועק דעם דאַווענען, אַ שטיק רואיק האַרץ, וואָס ליגט אין אים ערגעץ, ווי אַ גרין אינזעלע צווישן שוימענדיקע כוואַליעס. נאָכ'ן דאַווענען קוקט ער בעסער אַרום די שטוב, און אַז ער גייט צום ערשטן מאָל אַריין אין צווייטן צימער, דערזעט ער פּאָליצעס מיט ביכער, פּונקט ווי ביים טאַטן. אָבער דאָס זענען אַנדערע ביכער — יידעשע, אויף עברי-טייטש. עפענט ער איין בוך אין אַ שיינעם אַיינבונד, לייענט ער: „אַ פריש, געשמאַק ווינטעלע האָט פאַמעלעך געבלאָזן און פון די וואָלקנס, פונ'ם שטורמווינט איז נישט געווען אפילו קיין זכר. דער אָפּגע'טובל'טער אויסגעפּוצטער וואַלד איז געשטאַנען ווי אַ חתן-בחור אין אַ נייער גרינער זופּעצע, געשמאַכט ערשט אין פרילינג, און געשיינט, געלויכטן, ווי דער ליכטיקער מאָרגנשטערן, וואָס האָט, לויפנדיק פאָראויס, געבראַכט די פריילעכע בשורה, אַז אָט באַלד קומט צופאָרן די זון — די טייערע גאָלדענע מחותנת'טע, און די חתונה וועט זיך אָנהייבן..." וואָס איז דאָס פאַר אַ בוך? וואָס זענען עס פאַר אַ ווערטער? גאָר פריש

גאָר ניי קלינגט עס אים, פונקט ווי אַ מכשף וואָלט אים אַריינגע־צויגן אין אַן אַנדער וועלט. עפנט ער אויף אַ צווייט דיק בוך, לייענט ער ווידער:

איז געווען אמאָל אַן עילוי,
נישט געקענט די וועלט אפילו,
נישט געווען אין קלאַס.
פרום דער טאַטע, פרום די מאַמע,
די משפחה — לומדים סאַמע,
גאָר פון עקסטען פאַס...

משה'לע קומט ערשט צו זיך, ווען ער האַלט שוין אין האַנט דאָס דרייסיקסטע בוך. דאָס בלוט ברענט אין אים: ליי ע נ ע ן. אָבער וואו קאָן מען דאָ לייענען? אָט איז די באָבע. אין אירע אַלטע אויסגעקוקטע אויגן איז צונויפגעזאַמלט דאָס לעצטע ביסל לעבן און ליבע און זי קוקט אויף אים ווי דריי מאַמעס צוזאַמען, זי קוקט אויף אים — און עס דאַכט זיך, אַז זי וויל אים אַריינ־נעמען אין זיך, אין איר אַלטן גוף אַריין, פונקט ווי אין אַ שטי־בעלע, און פאַרשליסן אים דאָרטן און פאַרבאָרגן, אַז קיינער זאָל אים נישט אַרויסזען. און משה'לען זעט זי שוין נישט אויס אַזוי אַלט און ער שפירט שוין אויך נישט אַרום איר דעם ריח פון יענער וועלט. איצט שפירט ער שוין פון איר דעם ריח פון זיין אייגענעם טאַטן און דעם ריח פון זיך און זיין היים, וואָס איז, קענטיק, אומבאַמערקט איבערגעטראָגן געוואָרן פון דאַנען אַהין. און ער ווייס שוין פּאָראויס, אַז ער האָט זי ליבער פון טאַטן און דער מאַמען, אַז ער האָט זי ליבער פון זיך אַליין און פון אַלץ אין דער וועלט. עס איז גוט צו זיצן נעבן איר, ווי עס איז גוט צו שפירן, אַז מען איז ערלעך, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און אַז אין דרויסן שיינט גאָטס זון. און עס איז גוט צו הערן איר אַלטן קייענדיקן לשון, ווי עס איז גוט צו הערן אַ פליים און אַ טרעל פון אַ פרימאָרגן־פויגל. צוליב דער באָבען אַליין האָט זיך געלוינט צו קומען, צוליב דער באָבען אַליין איז כדאי געווען די נסיעה.

און דאָס, וואָס די באָבע איז אַלט דרייאונניינציק יאָר, האָט אויך עפּעס אַ גרויסע באַדייטונג פאַר משה׳לען. דרייאונניינציק יאָר קאָן נישט לעבן אַ מענטש, אָבער די באָבע לעבט. די לעצטע יאָרן האָט איר גאָט, קענטיק, ספּעציעל געשענקט, און אַ ליאַדע מינוט קאָן ער זי רופן צו זיך, די באָבע באַדאַרף אַלזאָ נישט קראַנק ווערן, כּדי צו שטאַרבן ווי אַלע מענטשן. די באָבע קאָן נאָר דעמאָלט שטאַרבן, ווען גאָט וועט זי רופן צו זיך; שטייט זי אַלזאָ אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט גאָט, מיט איין פוס אויף דער וועלט און מיט׳ן צווייטן אויפ׳ן הימל, און גאָט האָט זי שטענדיק אויפ׳ן אויג. אויב אַזוי, איז זי דאָך נאָך גרעסער און הייליקער פון אַ צדיק, וואָרום זי געפינט זיך אי אויפ׳ן הימל, אי אויף דער ערד. דאָס אַלץ האָט פאַר משה׳לען גאָר אַ באַזונדער זין. און בשעת ער שטייט נעבן איר, דאַכט זיך אים שטענדיק, אַז אַ האַלבער גוף אירער לעבט אויפ׳ן הימל און דער צווייטער אויף דער ערד.

אירע אַלטע אויגן טונקען זיך עפּעס איין אין אים, ווי אַ שאָטן אין אַ קלאָר וואַסערל:

— אפשר וועסטו עפּעס עסן?

אין אַ ווײַלע אַרום:

— אפשר וועסטו זיך צולייגן אָפּרוען?

און דערנאָך ווידעראַמאָל:

— דרויסן איז אַ שיינער טאָג, משה׳לע. אפשר וועסטו גיין צום גלח אין גאָרטן?

די אַלטע אויגן טונקען זיך און טונקען זיך אין אים, און אים דאַכט זיך, אַז ער וואוינט אין איר, אין אָט דעם אַלטן גוף, ווי אין אַן אַלט שטיבעלע, און עפּעס אַ וואַרעמקייט, ענלעך צו אַ גרויסן תּענוג, נעמט אים דורך אַלע גלידער.

און עפּטער, בשעת דאָס ייִנגל זיצט פאַרטראַכט איבער אַ בוך, הייבט זי גאָר אָן דערציילן:

— אַמאָל אין אַ וואַלד געוואוינט, משה׳לע... אַ טייך איז דאָרט דורכגעגאַנגען און אויפ׳ן טייך איז אַ מיל געשטאַנען און אין מיל האָט מען תּבֿואה געמאָלט... דאָס ראָד האָט געקלאַפּט,

דער שטיין האָט געמאָלט און אַרום דער מיל איז אין הויכן גראָז דער זיידע אַרומגעגאַנגען... יונג איז געווען דער זיידע, אויף אַ פידל געשפּילט, און דער פּריץ לאַסקע האָט אים זייער טייער גע- האַלטן... קיין דאַנציק האָט ער אים איינמאָל מיט אַ שליחות גע- שיקט... נאָר דו, זאָגט ער, מוזט פאָרן, איך האָב נישט קיין אַנדערן מיט אַזאַ קאָפּ און אַזוי ערלעך... פאָר, זאָגט ער, קיין דאַנציק, נאָ דיר אַ פּאַפּיר... איז דער זיידע קיין דאַנציק געפאָרן און האָט מיר אַ שנירל פּערל געבראַכט... אָבער, משה׳לע, דער זיידע איז שוין לאַנג נישטאָ און די פּערל זענען אויך נישטאָ... דער זיידע איז צו גאָט אַוועק... אַ יונגער צו גאָט אַוועק... איך לעב שוין באַלד דריי מאָל, וויפיל דער זיידע האָט געלעבט... און די פּערל משה׳לע, און די פּערל...

און אַ קלאָרע טרער, ווי אַ טראָפּעלע טוי אויף אַ גראָז צווייגל, איז אַרויסגעפּאַלן פון איר אַלט אויג און זיך פאַרהאַלטן אין אַ קנייטש פון די באַקן.

— באָבע... — זאָגט משה׳לע פּלוצלינג מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און נעמט־אָן איר ביינערנע טרוקענע האַנט.

— וואָס, משה׳לע?

— איך... איך האָב אַייך ליב...

און ביי משה׳לען ווייזן זיך אויך טרערן אין די אויגן.

